פײוול סיטאָ

# קינדערהויז נומ. 40

דערציילונג



צענטרפאַרלאַג
מאָסקווע — כארקאוו — מינסק
אַלוקראַאינישע אָפּטײלונג

ד'עם ערשטן טראָט מיינעם,— אַלע די, וואס האבן מיך געמעגטשלט און ווילן מיך מענטשלען. צווישן זיי: נילקע— די „פעדאגאָגיכע" פונעם פאוואז־הויז; ראָשעל שרייער— א פריינט און לערערקע פונעם יידישן קינדער־הויז; ד'עם דווארניק פון קראקאָווער יוגנט־הויז — לעקסיי שוקלין און די כאווירים: עפראים פּאַרטנאָי, הענעך קאָזאקעוויטש, אָסקאַר סטרעליץ, א. מאקאגאן און מ. ליטוואקאָוו.

דער אווטאָר

# I. די ערשטע ווײ־נעכט

א.

היימלאַנד־ראַטנלאַנד!

ווי שיין זײַנען דײַנע ווינטער־נעכט! ווי שטאַרק און קרעפטיק זײַנען דײַנע ערשטע ווײ־נעכט! אַ פראָסט און שניי־שטורעם יאָגן ארום איבער דײַנע ברייטע ראַכוועסן, איבער דײַנע געדיכטע טײַגעס, פארגליווערן די רוישיקע וואַסערן פון דנעפּר ביז וואָלגע־טײַך, ברעכן טירן און לאָדנס, לייגן אף זיי ארוף א געדיכטן פלאַסט, א שנייִקן אייז־פלאַסט אף לאנגע כאַדאָשים...

ווי שיין זײַנען דײַנע זומער־נעכט, ראַטנלאַנד־היימלאַנד! דער ווייכער יולי לויפט אַרום איבער דײַנע ברייטע אוקראַאינישע סטעפּעס, דער מילדער יולי שפּילט זיך ווי א קינד אף דײַן אָנגעגליטן אזיע־זאַמד, שפּיגלט זיך אין דײַנע וואַסערן פון באַרגיקן טערעק און קאַלטן נעוואַטײַך און פאַרנאַכט פאַרבלויט ער דײַנע הימלען מיט דורכזיכטיק נעפּלדיקן שלייער...

אָבער דאָס, וואָס כ׳וועל אייך איצט דערציילן איז פאָרגעקומען ניט ווינטער און ניט זומער, — הארבסט גראדע.

געלער בלאָטיקער הארבסט. די שטאָט האָט דאַן אויס־געזען ווי א קרעציקע, די מויערן — ווי אָפּגעקראָכענע קעץ. די שטאָט איז באָרוואָס פון דער מאָדנער טיפוס־קרענק אופגעשטאַנען און האָט זיך קוים געהאַלטן אף די פיס. דער כוילע האָט אף זיין בעט א ייִפּעש איבער־געלאָזט...

עס איז דאַן געווען האַרבסט און יעדן טאָג האָט גע־רעגנט און נאָך מער מיעסער געמאַכט די פאַרזשאַווערטע, אָפּגעקראָכענע, פליכעוואטע מויערן און נאָך מער פאַרמיעסט דעם נאָרוואָט אופגעשטאַנענעם פון קראנקן בעט — די שטאָט.

און אין אָט דעם בלאָטיקן האַרבסט האָט מען דעם לערער ייסראָעל אין שטאָט ארויסגערופן און אים געזאָגט:

— ארגאַניזירט א קינדער־הויז.

און מער האָט מען אים קיין וואָרט ניט געזאָגט. דאס איבעריקע האָט ער שוין אליין געוווסט.

האָט ער אָנגעהויבן פון טאָג צו טאָג ארומגיין איבער די שטאָטישע ליקן און וואָקזאַלן (די שטאָט האָט זיי פארמאָגט עטלעכע), פון איין וואָקזאַל אין צווייטן, פון איין סיטקע אין דער צווייטער, און טאָמער האָט ער באַגעגנט אַן אָפּגעריסן, הונגעריק קינד, האָט ער עס אָפּ־געשטעלט און געפרעגט:

— ווילסט עסן פרישטיק, און מיטאָג ווילסטו? און וועטשערע?

— יאָ.

— ווילסט יעדן טאָג שלאָפן אף א ווייכן געלע־גער?

— אַ.

— און אין קינדערהויז ווילסטו?

אַף דער לעצטער פראגע האָט קימאט קיינער פינקט־לעך ניט געענטפערט. אָבער דער לערער ייסראעל האָט צו יעדערן געפונען א באזונדערן צוגאַנג:

— אין קינדערהויז וועסטו קאָנען עסן וויפל עס וועט אין דיר נאָר ארײַן...

— אין קינדערהויז וועסטו זיין אָנגעטאָן...

— אין קינדערהויז...

... און ווען דאָס ערשט פרעסטל האָט די הארב־סטיקע בלאָטעס פאַרטריקנט, האט שוין אף ריבנער גאס שווער געאָטעמט א הויז פול געפּאַקט מיט קינדער, שווער געאָטעמט דורכן שלאף מיט העפקער און מיט דײַגעס, זאָרגלאָזיקייט און כאלוימעס פון ווייטע היימען, גאסיקע כאלוימעס פון הונגער און ווילטאָג, פארלויפענישן און מוירע, איבערטראכטעניש פאַרן נייעם געצאמטן לעבן אין די ענגע ווענט פון קינדערהויז...

... בערל האָט זיך יעדער ווײַלע איבערגעקערט פון איין זייט אף דער צווייטער, געקוקט אף די ווילד־פרעמ־דע גרויסע פענצטער, וואָס האָבן אים אהער געפאַנגען,

געקוקט דורכן פענצטער אף די געהויקערטע ווערבעס, וואָס האָבן זיך שטיל געשאָקלט פונעם ווינט...

בערלען איז ניט אַזוי גרינג געווען אַריינעמען אין קינדערהויז. ער איז פעסט מיט ביידע פיס געשטאַנען אַפן וואָקזאַל. בערל, אָט דאָס דרייצניאָריקע באָכערל מיט די לאַנגע הענט און שפיציקער נאָז, האָט שוין אין זיין יונג לעבן אויסגעפרוווט אַלץ: אי הונגער, אי קרעץ. בערל אָט דאָס קורצע יאַטל מיט די צוויי גרויע אויג־לעך, ווי אש, האָט שוין פאר זיינע דרייצן יאָר געשמעקט, און געשנאָרט, און געשלעפּט. ער איז שוין עטלעכע מאָל געווען באַם טויט אין די לאַנגע הענט, אָבער דאָס יינגל האָט זיך געלונגען ארויסגעגליטשט פונעם טויט. בערל, אָט דאָס קורצע יאַטל מיט די לאַנגע הענט און אשיקע אויגן האָט שוין אסאך שטעט דורכגעשפרייזט און דעריבער האט אים די העפקער־גאַס אופגענומען ווי א גוטן־ברודער. בערל האָט זיך אַף דער גאַס געהאַלטן פריי, מייַסע באַ־לעבאָס. ער האָט אין יעדער שטאָט געוווסט אַלע באַ־האַלטענע ערטער, געקאָנט אַלע גאַנאָווים און גאַסן־מייד־לעך און דעריבער האָט ער זיך אין ערגעץ ניט פאַר־לאָרן און אומעטום געהאַט צום לעבן.

און ווען לערער ייסראָעל האָט ס׳ערשטע מאָל גע־שמועסט מיט אים אַפן וואָקזאַל איז גאָר בערל בעשאַס מייַסע געלאָפן מיט זיינע גלאַנצנדיקע אויגן אף די נייע פּאַסאזשירן, וואָס זיינען אָנגעקומען אין שטאָט. זיינע אויגן זיינען ווי פייל פון בויגן בליצשנעל געפלויגן אף

די פּעטע הענט, וואָס טראָגן טשעמאָדאַנעס, גוט אָנגע־ציילעט, ווען מענס האַנט האַלט שוואַכער דעם טשעמאָדאַן, קעדיי גרינגער קאָנען באַ אים ארויסכאַפּן דעם באַגאַזש און נעמען פּיס...

אָבער לערער ייסראָעל, דער געניטער יעגער, האט אויך קיין אויג פון בערלען ניט אַראָפּגעלאָזט. ער האָט געפרעגט:

— יינגל, פונוואַנען ביסטו?

— וואָס, דען? וואָס פאר א שײַכעס האָט עס דען צו אייך?..

— הם... מיך אינטערעסירט עס. דאכט זיך א באַ־קאנט פּאָנעם?..

— פארקערט. איך זע אייך גאָר ס'ערשטע מאָל...

— זאָג דעם עמעס, דו ביסט ניט קיין קיעווער?

— ניין. איך בין שוין גראָדע א היגער...

— ווייזט אויס, איך האָב א טאָעס געהאַט, יאָ... נו, מיילע! אָבער זאָג, וואס טוסטו דאָ אַפן וואָקזאַל?

די אשיקע אויגן האָבן זיך אויסגעקערעוועט צום לע־רער ייסראָעל.

— זאָג מיר, צי דען וואָלט דיר ניט בעסער געווען, ווען דו געפינסט זיך אין א קינדערהויז?

— און וואָס איז מיר אזוי שלעכט?

— און וואָס איז דיר עס אזוי גוט?

פויזע.

— נו זאָג, זאָג...

בערלס אויגן האָבן זיך איינגעגראָבן אינעם שטיינערנעם דיל פון וואָקזאַל.

... — אויב דו וועסט דערווייזן, אז דאָ אַפן וואָקזאַל איז דיר בעסער ווי אין קינדערהויז איז דאַן...

בערל, אָט דער פרייער דרייצניאָריקער פויגל, וואָס פאָלגט זייער זעלטן עמיצן, איז געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט.

... און איצט כראָפּעט ער שטאַרק אינעם גרויען נאַקעטן זאַל פונעם יידישן קינדער־הויז נום. 40 אף א הוילן מאַטראַץ...

... ביילקע האָט זיך אינמיטן נאַכט אופגעכאַפּט. דערזען פאַר זיך די גרויסע כאפּטע כעוורע, וואָס האָבן זיך אַרום איר געוואַלגערט, איז איר עפּעס געוואָרן אומבאַקוועם. זי האָט זיך טייקעף געוואָלט אָנטאָן און אנטלויפן פונדאַנען, אנטלויפן אהיים. האָט זי פּלוצים דערזען פאַר זיך דער מאמעס געשטאַלט — די איינגעגעסענע בעטלערן... און דאָס האָט זי נאָך מער דערשראָקן. אומקערן זיך צוריק אהיים, הייסט — ווידער זיך ארומשלעפּן מיט דער מאַמען איבער די גאַסן און איינעסן זיך יעדן פאַרבייגייער אין האַרצן אריין... ביילקע האָט זיך איבערגעקערט אַפן בויך, דעם פּאָ[illegible]ם אין מאַטראַץ איינגעגראָבן און ווידער איינגעשלאָפן. ניין. זי וועט זיך מער אהיים ניט אומקערן, זאָל שוין די מאמע אליין בעטלען, אָן ביילקען.

פארפרי איז לערער ייסראָעל אופגעשטאַנען, ארומגעגאַנגען ווי א טאטע איבערן לאַנגן זאל און זיך צו־

געקוקט אף זיין נייער מישפּאָכע. ער האָט א קוק געטאָן אָף בערלען: יענער איז געלעגן אף דער לינקער זייט צונויפגעדריי׳ט אין א בייגל און געהאַלטן די הענט צווישן די פיס... דער לערער ייסראָעל איז צוגעגאַנגען צו בערלען און אים פאַוואָליע אופגעוועקט:

— בערל, מע דארף ניט ליגן אזוי, ס׳איז שעדלעך פאַרן הארצן.. די הענט דאַרפן בא דיר ליגן פריי...

זון האָט זיך דורך די שפּארונעס אין זאַל ארייגגע־ריסן...

ב.

... אך, פעטער שנייער!..

נו טראָג זיך אָפּ פון דאנען, דו אלטע פאַדלע... דאָס הויז פרירט. דאָס הויז וואַרט אף א שטיקל האלץ צו דערוואַרעמען די קאַלטע, נאַסע ווענט אירע...

כעוורע האָט געזעגן האָלץ. א דינער שטראָם טירסע האָט זיך געשלענגלט צו דר׳ערד און זיך געשאָטן אפן וויסן שניי...

ווען עס איז אָבער דערגאַנגען בערלס ריי אף צו זעגן האָלץ, האָט בערל אָפּגעהאַקט:

— כ׳וויל ניט און שוין.

געריע איז האסטיק ארופגעלאָפן אף די טרעפּלעך און האָט א געשריי געטאָן:

— לע־רע־ר יס־ראָ־על! בערל וויל נים זעגן קיין האָלץ!..

לערער ייסראעל איז שוין אין הויף. שטיל צוגעגאַן צו זיי, עטוואָס פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ און געבליבן שטיין א ווײַלע, דערנאָך האָט ער ווייך געזאָגט:

— קינדער...

כעוורע האָבן אנגעהויבן פילדערן. געריע האָט גע־שריגן, לעמי ווײַל בערל ניט זעגן קיין האלץ „אויב אזוי וועלן מיר אויך ניט זעגן״...

לערער ייסראָעל האָט ווידעראַמאָל עטוואָס פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ, צונויפגעקנייטשט די ברעמען:

— קינדער... ס׳איז שיין אזוי?.. דערנאָך צו בערלען:

— אזוי טויג ניט, בערל... אין א קאָלעקטיוו דארפן אַלע ארבעטן... און שפּעטער:

— זיי באַליידיקן דיך עפּשער?

בערל האָט געשוויגן. לערער ייסראָעל האָט א דריי געטאָן מיט די רונדע קינבאקן, ווי נאָכן עסן, אנגענומען בערלען פאר דער האנט און דיפּלאָמאטיש געזאָגט:

— אויב זיי באליידיקן דיך, זיינען זיי נידעריקער פאר דיר... — און שפּעטער מיט א פּאָר סעקונד נאָך צוגע־געבן:

— זיי א מענטש וועט דיך קיינער נישט באליידיקן...

— לערער ייסראָעל, קיינער באליידיקט מיך ניט... איך וויל פּאָשעט ניט זעגן און שוין...

— פאַרוואָס?..

...דער פראָסט האָט געברענט. דער ווינטער האָט די שטאָט איינגענומען. שניי־שטורעמס האָבן אין די גאסן

געהוליעט, שילדן געריסן, מענטשן אונטער דער פּלייצע זיך פאַרגאַנוועט . . .

לערער ייִסראָעל איז געוואָרן כמורנער. ער איז דאָך פּאַרוואַלטער, אַזאַ שווערן אָל. ער האָט אַלע קינדער צוגעזאָגט באַקליידן און אנטאָן, אָבער ווו וועט ער עס נעמען? די צייטונגען האָבן נאָך יעדן טאָג געמאָלדן, אַז מאָרגן וועט אָנקומען א נייע פּאַרטיע מעל אין שטאָט, מאָרגן וועט מען אין די שפּיטאָלן נייע בעטלעך פאַר טי־פוס־קראַנקע אוועקשטעלן, מאָרגן וועט מען אָנהויבן ארויס־געבן ברויט מער מיט אַן אַכטל... אַלץ מאָרגן און מאָרגן, אָבער נאָך אַלץ ניט הײַנט, דער רועך זאָל עס נעמען!..

ג.

. . . . . . . . . . . . . .

אָט האָסטו דיר אַזאַ סיורפּריז!..

לערער ייִסראעל איז ארומגעגאַנגען א פאַרצאָרנטער. ער האָט זיך גאָרניט געריכט אף דעם, אַז דאָס זאָל קאָ־נען פּאַסירן.

די פרוי זײַנע, ראכל, האָט אים געפּרוווט בארו־איקן:

— ייִסראָעל, צוליב וואָס זיך אויסעסן אזוי דאָס האַרץ? ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז דו האָסט צו טאָן מיט גאַסן־קינדער. איינמאל וועלן זיי דען לויפן פון קינדערהויז? נו, איז ער אנטלאפן בערל, איז וואָס־זשע? עס וועט

אים נימעס ווערן זיך ארומדריי̈ען אין מארק, צי אין וואָקזאַל, וועט ער זיך אומקערן. ער וועט שוין מיסטאָמע עמעצן באַגאַנווענען... אנדערש קאָן דאָך ניט זיין, אנדערש וואָלט ער דאך ניט אנטלאפן... ווייסט דאָך זייער נאטור ס'איז זיי קאַרג... ס'איז זיי ענג... און דאָרט אף דער גאַס פילן זיי זיך פראנק און פריי...

לערער ייסראָעל האָט זיך אבער אלץ ניט געקענט באַרויקן. ער האט אָנגעטאָן דעם מאנטל און באַשלאָסן זיך דורכגיין אין מארק, עפשער וועט ער אים געפינען.

אפן וועג האָט ער געטראכט פון קינדערהויז. דער ווינטער איז אין סאַמע ברען און די קינדער האָבן נאָך קיין מאנטלען ניט... זיי זייַנען אַלע אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן, פונקט אזוינע ווי ער האָט זיי פון דער גאַס גענומען... אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאַנט, אַז ער דאַרף זיך אָנהויבן קריגן מיטן „אידגעזקאָם": זיי ווילן דאָך אלץ שפּאָרעוודיקער, און ווי קאָן מען נאָך שפּאָרעוודיקער? כאָטש צו פּאָרל וועש דאַרף דאָך יעדער קינד האָבן!.. און דערווייל שלאָפט מען נאָך אַף הוילע מאַטראַצן...

די דייַגעס פארן קינדערהויז האָבן באַ אים אין קאָפּ געעקבערט איין געדאַנק נאָך אַ צווייטן: מע האָט אים אַוועקגעשטעלט אָנצופירן מיט א קינדערהויז און גאָרניט ניט געגעבן... פארוואַלטער מיט באָרוויסע און נאקעטע קינדער!..

ער איז געגאַנגען גיך און האָט אַפילו ניט באַמערקט, ווי ער איז דערגאַנגען צום מאַרק.

אָבער באַלד האָט דער געווימל און געפילדער פון מאַרק ארויסגעשטופט אַלע געדאַנקען זיינע פון קאָפּ.

ווייבערשער טומל, געפילדער פון גענדז און הינער, מיסט-רייעך פון פערד און בעהיימעס, פארזשאווערטע קלאַנגען פון בעטלערישער באַנדורע און האַרמאָשקע, געשטאַנק פון אלטן לעדער און טראַנטעס, — דאָס אַלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן, געשניטן די לופט, און געשוווּמען אין זייטיקע געסלעך און ליקן.

צוויי ווייבער האָבן אים פאַרטשעפּעט:

— יונגערמאַן! קומט נאָר אהער! איר האָט נאָך אַזעלכע עפּל אף אייער לעבן ניט געזען!..

אַ צווייטע הענדלערקע האָט געשריגן מיט אַ גאָרגלזיקן כריפּ:

— עפּל איז דאָס? רעטעך איז עס, ניט קיין עפּל!.. אָט קומט נאָר אהער וועט איר זען, וואָס עפּל הייסט... נאט פאַרזוכט אָקאָרשט, פאַרזוכט, כ'מאָן זיך דערפאר קיין געלט ניט...

דער לערער ייסראָעל האָט געגישטערט מיט אויגן. און פּלוצים האָט ער פונדערווייטנס דערהערט אַ באַקאַנט קאָל. דאָס קאָל האָט געשריגן און געוויינט. דער לערער ייסראָעל איז נאָכגעלאָפן דעם עכא און דערזען אַ גרויסן קרייז מענטשן. אַלע האָבן זיי אַרומגערינגלט עפּעס איינעם. לערער ייסראָעל האָט מיט קאַס דורכגעריסן דעם

קרייז און געבליבן פאַרשטוינט: דער מענטש, וועמען מע האָט אַרומגערינגלט, איז געווען בערל. א יונגערמאַן אין ברילן האָט בערלען שטאַרק געהאַלטן פאר א האַנט, און יעדער ווײַלע איז צו בערלען צוגעלאָפן אַן אַנדער הענדלערקע און אים געפּאַטשט אין פּאָנעם:

— אוך, דו זשוליק דו!..

— מיימעסן דאַרף מען זיי, אָט די שלעפּערס נאָך קליינערייד. אניט, אז זיי וועלן אויסוואַקסן, וועלן זיי אייך אלעמען מיט מעסערס דערשטעכן!..

— גיט אים דאָרט, גיט אים! זאָל ער וויסן ווי צו גאַנווענען!..

און אין זייט נעבן יינגל איז געשטאַנען אַ יידענע און געוויינט מיט ביטערע טרערן:

— כ'האָב געהאַלטן אַ טייסטער געלט, האָב איך גע־האַלטן, איז ער צוגעלאָפן, דער גאַנעף, און אַרויסגעכאַפּט באַ מיר פון די הענט דעם טייסטער מיינעם מיט דרייסיק רובל... און איצט זאָגט ער, אַז ער האָט אים שוין ניט...

— צענעריקן אים אַף שטיקלעך, ביזוואַנען ער וועט ניט אויסזאָגן וועמען ער האָט דאָס געלט איבערגעגעבן! — האָט זיך פון קרייז דערהערט אַ שטים...

לערער ייסראָעל איז בליצשנעל צוגעלאָפן צום יונגערמאַן אין די ברילן און אַרויסגעריסן באַ אים בערלס האַנט:

— לאָזט אים אָפּ! איר האָט קיין רעכט ניט צו שלאָגן קינדער!

דער יונגערמאַן האָט אָפּגעלאָזט בערלען. עס איז אונ־טערגעגאַן אַ מ ע נ ט *) און האָט מיט איין פייף צעטריבן אַלע הענדלערקעס. זיי זיינען זיך צעלאָפן פונעם מילי־ציאָנער, ווי מייז פאר אַ קאַץ...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

... אַהיים האָט זיך לערער ייסראָעל אומגעקערט נאָך מיטאָג. ער האָט זיך אַלץ ניט געקענט באַרויקן פון דעם געשעענעם. די פרוי זיינע, ראָכל, האָט אים עסן דער־לאַנגט, האָט ער דעם טעלער אָפּגערוקט:

— לאָז מיך איצט צורו, ראָכל!

— נו, וואָס? — האָט זי אַ פרעג געטאָן, — געפונען?

— יאָ! — האָט ער נערוועז אָפּגעענטפערט.

— וווּ זשע איז ער, דער טאַכשיט דיינער?

— אין ראַיאָן... שוין באַוויזן באַגאַנווענען אַ יידענע אין מאַרק, זיצט ער. נאָר מע וועט אים מאָרגן מיסטאַמע אַרויסלאָזן. גענומען אים אַף מיינע אייגענע אַכרייעס...

— ייסראָעל, — האָט זי נערוועז אויסגעשריען — דו מאַכסט זיך דאָך אַליין אָן צאָרעס!.. קען מען דען אַזוינס טאָן? ביזט דען זיכער, אַז ער וועט מאָרגן ווידער ניט אַנטלויפן? ביזט דען זיכער, אַז ער וועט מאָרגן ווי־דער עמעצן ניט באַגאַנווענען?

לערער ייסראָעל האָט געשוויגן.

---

*) מענט — מיליציאָנער.

הימלאַנד־ראַטנלאַנד!

ווי שיין זיינען דיינע ווינטער־נעכט! ווי שיין און קרעפטיק זיינען דיינע ערשטע ווײַ־נעכט!..

יאָ, דידאָזיקע געשיכטע, וואָס כ׳האָב אייך דאָ דערציילט, איז טאַקע פאָרגעקומען ווינטער, אין די ערשטע פראָסטיקע ווײַ־נעכט, אין טויזנט נײַן הונדערט איין און צוואנציקסטן...

# II. א י י נ ע ר א ו ן אַ ל ע

אָט אַזוי איז עס שוין איינגעפירט, אַז נאָך דעם שניי־איקן, פראָסטיקן ווינטער גייט זוניקער פרילינג, דערנאָך רייפער זומער, דערנאָך געלער הארבסט, ווידער ווינטער, און אַוועק אַ יאָר.

די ווענט זיינען אויסגעקאלעכט.

די ווענט ריידן:

„איינער פאַר אלע און אלע פאַר איינעם".

איינער —

— אַ מיטלוווקסיקער מיט רונדע באַקן און גרויע פאַרדייגעטע אויגן.

אַלע:

צאַפלדיקע,

מאַנענדיקע,

טרוימענדיקע.

אַוועק אַ יאָר. יעדער האָט שוין אַ בעטל מיט אַ לייד־לעך, מיט קישן און קאָלדרע, נאָר קיינער האָט נאָך קיין באַגריף פונעם לעבן.

העפקער.

העפקער ציבעלע.

דער איינער — דער מיטלוווקסיקער לערער ייסראָעל מיט די גרויע פאַרדייַגעטע אויגן, לויפט אום, שפרינגט, קריגט זיך, זידלט זיך, עסט זיך אַליין אויס דאָס הארץ, עסט יענעם אויס דאָס האַרץ, פאַר די אַלע.

און די אַלע, לויפן אויך אַרום, שפּרינגען אויך אַרום... נאָר קיינער פון זיי דייַגעט ניט פאר אים, פאַר דעם איינעם, וואָס פליט אַ גאַנצן טאָג אַרום, ווי אַ מעשׂה־געַנער איבער דער שטאָט, פון איין אַנשטאַלט צום צווייטן, פון „יידגעזקאָם" אין „נאראאבראז", און פון דאָרט נאָך האלץ, נאך הירזש, נאָך ברויט, נאָך שיך, נאָך ביכער. און אלץ מיט אָרדערן אין די הענט, מיט שטיקלעך צעקנייטשט פּאַפּיר, צוואַנציק מאָל געכאַטמעטע, פון אַלע זייטן מיט פארשיידענע דרייַדעלעך:

„דער כאַווער איז פון קינדערהויז נומ. 40,
מע דאַרף זען אים אַרויסגעבן עפעס וואָס..."

דער איינער לויפט אַרום אַ גאַנצן טאָג, דער איינער שוועבט אַ גאַנצן טאָג אַרום, קלאַפּט אָפּ שוועלן, און אמאָל פאַרגאַכט, ווען די קאָפּ זיינע באַפרייט זיך אַביסל פונעם לויפעניש, יאָגעניש, ניט פאַרשפּעטיקן באַקומען דאָס ביסל קוילן, דאָס ביסל גרויפּן, זעצט ער זיך אוועק בײַ זיין טיש און פארצייכנט אין זיין העפטל:

23 — טער דעקאַבר.

א טראָפּן נאָך א טראָפּן... די קינדער הויבן אָן צו־ביסלעכווייס אויסלעבן זייערע פאַרדאָרבענע גאַסיקע געווינהייטן... דאָס לויפעניש, דאָס „באזאָרגן", דער הו־האַ נעמט צו די מעגלעכקייט צו אַרבעטן אַביסל מיט זיי...

נעכטן געהאט אַן אָרדנטלעכן קאָנפליקט מיט סודאַר־סקען פון „יידגעזקאם"...

5־טער יאנואר.

... היינט אינאָוונט איז פונעם בופעט פארשוואונדן געוואָרן צוויי פאָרציעס פלייש... איצט איז שוין 11 אַזייגער אינאָוונט און קיינער האָט זיך נאָך ניט מוידע געווען... איך בין דאָ כוישעד געווען גערען, בערלען מיט פייוולען...

20־טער יאַנוואר.

היינט אינאָוונט איז בערטע אַריינגעגאַן אין ייִנגלשן שלאָפצימער. גערע האָט בעשאַס מייַסע געמאכט אַ צאַצקע, א בעטעלע.

בערטע:

— פאַר וועמען מאַכסטו דאָס בעטל, גערע?

גערע:

— אויב דו וועסט מיט מיר שלאָפן, וועט עס זיין פאַר דיר...

מאָרגן מוז מען רעאַגירן אַף דעם!

21־טער יאַנוואַר.

געווען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג געווידמעט דער פראגע „גערע־בערטע".

נערע — פסיכאָפּאַטאָלאָגישער טיפּ, האָט געמאכט בער־
טען אַ פאָרשלאַג „צו טיילן מיט אים די בעט"... די
פארזאמלונג איז געווען אַן ערנסטע, אַן אָנגעשטרענגטע.
די קינדער האָבן אָפּן דערציילט וועגן אַלץ, וואָס זיי ווייסן.
יאָ, די קינדער ווייסן שוין פון אסאַך „זאַכן", וואָס
זיי וואָלטן נאָך ניט געדאַרפט וויסן...

17 - טער פעוראַל.

פון נעכטן אָן קאָן איך זיך נאָך אַלץ ניט באַרויקן.
לעוומאַן וואָלט דערביי געדארפט זיין, ניט ראָכל. אויב
איך וועל אויסהאַלטן פוןביילקען מיט איר מאמען, וועל
איך זיין שטאַרקער פון אייזן... אַלע קינדער האָט זי
היינט אופגערודערט.

— ווידער הירזשענער זופּ מיט הרעטשענער קאַשע
און ווידער הרעטשענע קאַשע מיט הירזשענעם זופּ! מומע
ראָכל! ווען וועט מען שוין עפּעס אַנדערש געבן עסן?

און אַף ראָכלס גליק דאַרף זיך נאָך טרעפן אַ וואָרעם
אין סופּ... האָט זיך ביילקע פאַרקרימט און נאָך איר —
אַלע קינדער, און זיי האָבן זיך אלע אָפּגעזאָגט צו עסן
מיטאָג איבערן וואָרעם...

ראָכלס האַרץ! מיט איר קראַנק האַרץ דאַרף זי ביישטיין
די ביילקעס... ראָכל האָט זיך נעכטן געקלאָגט פאַר מיר
מאַמעש מיט טרערן אין די אויגן:

— ייסראָעל, דו באַציסט זיך עפּעס זייער קאַלט צו
די געשעעניש, וואָס קומען פאָר אין קינדערהויז. צי
ווייסטו וואָס עס האָט זיך היינט באַטאָג געטאָן? בייל־

קעס מאַמע, די שנאָרערן, האָט געבראַכט דער טאָכטער א פּאָר פּלעצלעך, האָבן עס אַלע קינדער דערזען און גענומען בעטן באַ איר:

— מומע, גיט מיר אויך עפּעס!..

מער האָט מען שוין ניט געדאַרפט! די בעטלערן האָט אַרויסגעשלעפּט שטיקלעך אויסגעשנאָרעטע בולקע און ברויט און אַלעמען צעטיילט...

יאָ, עטי קאַנאַפּליער האָט מיך שוין אַפילע געפרעגט:

— לערער ייסראָעל, פאַרוואָס לאָזט מען אַריין די בעטלערקע צו אונדז אין קינדער-הויז?

3-טער מארט.

היינט ווידעראַמאָל געווען לעוומאַן. ער האָט אַ קוק געטאָן אַף די יינגלשע בעטלעך און זיך פאַרקרימט:

— שמוציקלעך אַביסל... פאַרוואָס זיינען די מיידלשע בעטלעך גוט צוגעבעט, ריין און פיין, און בא די יינגלעך — שמוץ...

ער איז צוגעגאַנגען צו גערען און אים אַ קניפּ געטאָן פאַר די באַקן:

— נו, גערע, בענקסט שוין ניט צוריק אַף דער גאַס? ווי איז דיר אין קינדערהויז: בעסער, צי ניט?

— יאָ, בעסער!..— גערע האָט פאַרהויבן אַ פוס — נאָט, גיט א קוק, די פּאָדעשוועס בעטן שוין עסן...

— נו, און דיר איז בעסער אין קינדערהויז? — האָט ער ביילקען אויך אַ קניפּ געטאָן פאַר די באַקן (אַ טעווע פון אַ מענטשן!).

— אַי, קנייפּט זיך ניט אַזוי... יאָ, פּיין... בעסער... אַז מע דאַרף עסן ווערים...

— וואָ־אָ־ס? און באַ דיין מאַמען האָסטו בעסערס געעסן?

18־טער מאַרט.

ראָכל איז אַבסאָליוט קראַנק געוואָרן פונעם קינדער־הויז... די מײַסע מיט גערען דאַרף מען אויספאָרשן. ווי נעמט עס אַ ייִנגל און שיידט זיך אָפּ אַף אַ גאַנצער נאַכט פונעם קינדער־הויז? ער זאָגט, אַז ער האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט, איז ער דעריבער געבליבן נעכטיקן אַפן וואָקזאַל. אַ פאַרדאָרבן קינד — גערע... מיסטאַמע כאַוועט ער זיך נאָך מיט זיינע אַמאָליקע גוטע ברידער, די גאַסן־ייִנגלעך... און שלעפּט מיסטאַמע אויך אינדערשטיל...

6־טער מאַי.

עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז מע וועט די קינדערהייזער שיקן אַף דאַטשע.

האַלעוויי!

ס'וואָלט גאָרניט געשאַדט. די קינדער זיצן דאָך אַ גאַנצן טאָג אין שטוב, אין אָט דעם נאַסן ענגן קעסטל. וואָרום דער הויף געהער דאָך ניט דעם קינדערהויז אַליין. די שכיינים קלאָגן זיך שוין:

— הערט! — אייערע קינדער האָבן אויסגעקלערט עפּעס אַ מאָדנע מעשוגענע שפּיל „לאַפּטאַ” און שוין קימאַט אַלע שויבן אויסגעזעצט... טאָמער וועט איר זיי ניט צונעמען פון הויף, רופן מיר מאָרגן מיליציע!..

די דאַטשע וואָלט אונדז זייער צונוץ געקומען, אַלע קינדער זיינען דאָך אַזוי אויסגעדאַרט. און זייענדיק דאָרט, וואָלט מען עפשער פון צייט צו צייט געקענט קויפן זיי אַ גלאָז מילך, צי אויבסטן...

ראָכל זעט אויס שרעקלעך. אויב מע וועט אונדז נית געבן קיין דאַטשע, וועל איך מוזן צונויפקלייבן די לעצטע פּאָר קאָפּקעס און זי ערגעץ אוועקשיקן זיך היילן...

20 - טער מאַי.

אורא! מיר פאָרן אַף דאַטשע!

6 - טער יולי.

כ'האָב היינט געפּרוווט דערקלערן די קינדער אייניקע נאַטור - דערשיינונגען, „פויגל - באַפּוצונג". טעמפּע כעווּרע. נאָך גאַסיקע געדאַנקען...

9 - טער דעקאַבר.

נעכטן געפירט די קינדער אין אַ קונסט - אויסשטעלונג, דערזען דאָרט אַ נאַקעטע פרוי פון בראָנזע אויסגעגאָסן, האָבן זיך די מיידלעך פאַרשעמט... און די יינגלעך האָבן געווונקען איינער צום אנדערן...

. . . . . . . . . . . . . .

איינער —

אַ מיטלוווקסיקער, מיט רונדע באַקן און גרויע פאַר־דייגעטע אויגן.

אַלע:

צאַפּלדיקע,

מאָנענדיקע.

דער איינער לויפט אַ גאַנצן טאָג אַרום, שפּרינגט, עסט זיך אַליין אויס דאָס האַרץ, עסט יענעם אויס דאָס האַרץ, פאַר זיי, פאַר די אַלע, און אַמאָל, פאַרנאַכט, ווען דער קאָפּ זיינער ווערט פריי פון זיינע לויפעניש, פון דעם הו־האַ, זעצט ער זיך שפּעט אינאָוונט אַוועק בײַ זיין טיש, בלעטערט דורך דאָס העפטל. לייענט דורך און פאַרצייכנט:

— „געגנוג צו פירן אַ טאָג־בוך. אַ וועדטערבאַגאַזש און ניט מער... היינט האָב איך גערעדט מיט די קינ־דער וועגן געשלעכט־באַציִונגען"...

נאָר דאָס העפטל זעט קיינער ניט. עס ליגט בײַ אים ערגעץ טיף באַהאַלטן און ער היט עס ווי אַן אויג אין קאָפּ...

. . . . . . . . . . . . . . . .

אָט אזוי איז עס שוין איינגעפירט, אז נאָך ווינטער גייט זוניקער פרילינג, דערנאָך רייפער זומער, געלער האַרבסט און ווידער שנייִיקער, פראָסטיקער ווינטער, און ווידער אַוועק אַ יאָר...

# III. הורא — „אראַ"!

א.

אייערנעכטן באַטאָג קומט צוגיין אין קינדערהויז עפּעס איינער פֿון „אראַ", שמעקט מיט זיין לאַנגער נאָז, דרייט מיט זיינע ביינערדיקע ברילן, און ס'איז קאָנטיק, אַז דער אַמעריקאַנער איז ניט צופֿרידן מיט עפּעס.

האָט אים דער לערער ייסראָעל געפֿרעגט:

— וואָס, איר האָט עפּעס באַמערקט אַן אומנאָרמאַל־קייט בא אונדז אין קינדערהויז?

— ניין, מאַכט דער אַמעריקאַנער, — איר פֿאַרשטייט, אַף וויפֿל „אַראַ" סובסידירט אייך מיט פֿאַרשיידענע פּראָ־דוקטן, וואָלט איר באַדאַרפֿט אין קינדערהויז צעהענגען אַזוינע פֿלוגבלעטעלעך. דער לערער ייסראָעל האָט זייער פֿאַרוואונדערט אָנגעקוקט דעם אמעריקאנער, יענער האָט ארויסגענומען פֿון בוזים־קעשענע א פּעקל פֿלוגבלעטלעך און אים דערלאנגט.

דער לערער ייסראָעל לייענט:

„אראַ" איז די בעסטע געזעלשאַפט!

„אַראַ"! „אַראַ"!! „אַראַ"!!!

קינדער!

אָט די גוטע און זיסע קאָנדענסירטע מילך מיט די געשמאַקע גאלעטן, וואָס איר עסט אזוי אלע מיט גרויס פארגענוגן — גיט אייך די אמעריקאנישע ליבעראַלע געזעלשאַפט —

„אראַ"

„אַראַ"! „אַראַ"!! „אַראַ"!!!

„אראַ" איז די בעסטע געזעלשאַפט!

אָט אַ יאָלד!..

פאַרשטייט זיך, אַז מע האָט אַזעלכע פלוגבלעטלעך ניט אופגעהאַנגען. די מילך איז טאַקע שטאַרק זיס, די גאלעטן — אויך ניט שלעכט, אָבער מע קאָן באַשטיין, אַז מע זאָל טאַקע טרינקען די זיסע קאָנדענסירטע מילך און פארבייסן מיט די געשמאַקע גאלעטן אָן פלוגבלעטלעך...

דעם „אַראַ" האָט מען אָבער נאָכדעם, ווי ער איז אַוועקגעגאַנגען, גענומען אַזוי אַף „הוראַ", אַז די טירן האָבן אַזש געטרישטשעט...

יאָ, אויב איר האָט טאַקע אין יענע יאָרן ניט פאַר־זוכט די אמעריקאַנער קאָנדענסירטע מילך מיט די זיסע

גאלעטן — מעג איך אביסל באַנק טאָן. וואָרום אין יענעם רעכטן הונגער איז טאַקע אַ גרויסע אַוולע, אויב איר האָט פון דעם ניט געניסט.

עך, צייטעלעך, צייטעלעך!...

בערל האָט די מילך געטרונקען ווי וואַסער און די גאַלעטן — געקנאַקט ווי יאָדערן. פּאָשעט גאַנצע זשמעניעס־ווייז...

די מומע ראָכל האָט געברענט פאר כאַרפּע פון בער־לען. ווו מע פלעג עס ניט פארשפּאַרן, האָט עס בערל דערטאַפּט!...

יאָ, אַגעוו האָט מיט אַ פּאָר כאַדאָשים צוריק דער זעלבער „אַראַ" (דער לערער ייסראָעל זאָגט, אז דער „יידגעזקאָם") צוגעשיקט אַלעמען, באַזונדערס פאר די ייִנגלעך שיינע קאָסטיומען, אז ס׳איז מאַמעש געוועז אַ כ׳עס אַ קוק צו טאָן אף דעם.

מאָדנע אזוינע פּידזשאַקעס. עפּעס ניט אַזעלכע ווי מע טראָגט בא אונדז. די ראַנדן זיינען בא זייערע פּידזשאַ־קעס פארקיילעכיקטע, ווי באַ די גרעסטע אַרטיסטן. היינט די הויזן! קורצינקע, — ביז דער קני. נאָר ברייטע אַזוינע, נאָך ברייטער פאר פוֹיערשע פּאָסטעלעס: גאַנצע צוויי מענטשן קענען אַהין ארייַנקריכן. און דעריקער די קע־שעניעס: צוויי קעשעניעס, ווי בא געוויינלעכע הויזן, דערנאָך איין שמאָלינק קעשענקעלע פאר א זייגערל און איין גרויסע קעשעניע פונהינטן, וואָס פארשפּיליעט זיך מיט אַ קנעפּל (בא אונדז, זאָגן אייניקע, אז די אַמערי־

קאַנער טראָגן אין דידאָזיקע קעשענעס רעוואָלווערן, און אַנדערע זאָגן, אז בלאָקנאָטעסן גאָר... גאָר ווער ווייסט זיי, ווער קאָן וויסן?

אַז כעוורע האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל אָנגעטאָן די נייע קאָסטיומען: דעם פראַק מיט די קורצע הייזלעך, געלע שיך מיט די שפיציקע נעזער און די היטל „אַמעריקאַנקע", — האָבן די שכיינים זיך שוין נאָכגעפרעגט:

— Хіба це все Америка шле?

בערלען האָט דער נייער קאָסטיום אינגאַנצן צעטומלט. איין זאך האָט אים נאָר געפעלט צו זיין אַן אמעריקאַנער — א פיפקע. נאָר ס'מאכט ניט. אז מע האָט ניט קיין פיפקע — איז א מאַכאָרקע-צעגייַער אויך ניט שלעכט... מער ניט, וואָס דער לערער ייסראָעל דאַרף עס ניט זען, אַז בערל רויכערט ביכלאַל... נאָר אף דערויף איז ער דאָך בערל, אַז ער זאָל קענען געפונען אַן אויסוועג. רויכערט ער אָדער אין גאַס, אָדער אין אָפטריט, וואָס אין הויף...

יאָ, נאָר איר ווילט דאָך מיסטאמע וויסן די מייַסע מיט דער מילך? אויב ניט, איז צוליב וואָס האָב איך אייך ביז איצט דעם קאָפ געדולט?

הערט:

אין איינעם אַ פרימאָרגן איז זיך בערל מעיאַשעוו, ציט צו אַ האַלב טוץ אַמעריקאַנער מילך-קעסטלעך און שלעפט עס אַוועק אפן מארק.

אַז אַלע קינדער האָבן זיך דערפֿון דערוווּסט, איז געוואָרן אַ טומל, אַ רעש:

— אויסשליסן אים דערפֿאַר פֿון קינדערהויז!

מע האָט באַשלאָסן איינאָרדענען איבער בערלען אַ געריכט. (שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, אַגעוו) און קעדיי די געשעעניש זאָלן ניט פֿאַרקילט ווערן, האָט מען טייקעף אויסגעטיילט אַ פֿאָרזיצער מיט אַ קאָמענדאַנט, אַ „פּראָקוראָר" (געדע) מיט אַ פֿאַרטיידיקער (ביילקע), מיט איידעס. נאָר איין קליייניקייט: דער שולדיקער אַליין איז קראַנק געוואָרן (בייזע צינגער זאָגן, אַז ער האָט זיך גאָר געמאַכט).

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בערל האָט גאָר דאָס מילך ניט פֿאַרקויפֿט (אַף דער טאָלקוטשקע האָט אים גאָר קיינער ניט געגלייבט, אַז דאָס איז אַמעריקאַנער מילך), נאָר ער האָט פּאָשעט עטלעכע פּושקעס אַליין אויסגעטרונקען און דאָס איבעריקע אַרויסגעוואָרפֿן . . . (ווּעסט דאָס דאָך ניט שלעפּן צוריק? . .).

נאָר דאָס איז נאָך גאָרניט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס פֿעלן אין קאַמער עטלעכע פּושקעס גאַלעטן.

ווער זשע האָט עס גענומען, מיינט איר?

— בערל.

איר האָט אים געכאַפּט בא דער האַנט, וואָס איר זאָגט בערל? ניין. מער ניט, די יינגלעך, וואָס שלאָפֿן מיט אים אין איין צימער, האָבן געהערט, ווי בערל האָט

עפּעס פֿאָריקע נאַכט געכראָמטשעט מיט די ציין, און אינ־דערפֿרי, ווען ער האָט זיך אָנגעטאָן, האָבן זיי באמערקט ברעקלעך און קרישקעס פֿון גאלעטן אַף זיין בעט...

— בערל איז ניט קיין גאַנעוו — האָט דער לערער ייסראָעל געפּרוווט דערקלערן די קינדער. דאָס שלעפּן — דאָס איז באַ אים פּאָשעט אַזאַ קרענק, וואָס מע רופט זי אָן „קלעפּטאָמאַניע". איר פֿארשטייט? און ער קאָן זיך נאָך פֿון דעם ניט אָפּגעווינען. וואָס ער זאָל ניט זען פֿאר זיינע אויגן, צי ער דאַרף עס יאָ, צי ער דאַרף עס ניט — מוז ער עס צושלעפּן. אָט אַזאַ קרענק איז שוין באַ אים... נאָר מע דאַרף אים קענען אָפּגעווינען פֿון דער קרענק, פּונקט אזוי, ווי מע האָט געדארפֿט קאָנען אָפּגעווינען איציקן פֿון נעצן זיך... יענץ איז שוין פּאָשעט מער פֿוילקייט ווי קרענק. מע האָט אים פּאָשעט געדאַרפֿט באַנאַכט אופֿוועקן און אים זאָגן:

— גיי זיך, איציק, דורך וווהין מע דאַרף...

כעוורע האָבן ארומגערינגלט דעם לערער ייסראָעל, וואָס איז געזעסן אף אַ בענקל באַ דער טיר און זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט זיינעם. איייניקע קינדער האָבן זיך אויסגעזעצט ארום אים און האָבן פֿאריסן די קעפּ צו זיינע גרויע אויגן, וואָס זיינען יעדער ווײַלע אַרומגעלאָפֿן אין אלע זייטן: אָט אין קאָרידאָר, טאָמער שטייט דאָרט קיין מיסט ניט אין קיין ווינקעלע... אַף די שויבן, טאָמער זיינען זיי שוין פֿארשטויבט געוואָרן, אַף דער סטעליע, צי הענגט דאָרט קיין שפּינוועבס ניט...

און אין יינגלשן שלאָפצימער איז געשטאַנען גערע מיט א נאַסער שמאַטע און געוואשן די דילן... (געווען דעזשורנע). בערל איז געשטאנען אין דעמזעלבן צימער, האַרט נעבן דער טיר און זיך צוגעהערט צום לערער ייסראָעלס שמועס. גערע איז ארונטערגעקראָכן אונטער דער בעט און אַ שטורכע געטאָן גערען אין דער פוס.

— קער זיך אָפּ, בערל!

— וויל איך ניט.

— גאַגעף! — האָט זיך גערע אופגעהויבן פון אונטער דער בעט.

אַ שטארקער פאַטש האָט א הילך געטאָן אין שכיינישן צימער.

דער לערער ייסראָעל איז אַ דערשראָקענער אַריינגע־לאָפן אין שלאָפצימער און האָט דערזען פאר זיך אַזאַ בילד: גערע איז געשטאַנען אינמיטן שלאָפצימער, מיט איין האַנט זיך געהאַלטן פאר אן אויער און אין דער צווייטער האָט ער געקוועטשט אַ נאסע שמאַטע און גע־רעוועט. און בערל איז געשטאַנען אָן אַ זייט און געקוקט אַף דר׳ערד:

— בערל! — האָט זיך דער לערער ייסראָעל אַ כאַפּ געטאָן פאר דעם קאָפּ: — שוין ווידער עפּעס?

— זאָל ער מיך ניט רייצן, — גאַנעף! — האָט בערל ווי אויסגעשאָסן און איז האַסטיק ארויסגעלאָפן פון צימער.

— גוואַלד, גוואַלד! — האָט דער לערער ייסראָעל פארמאכט מיט די הענט די אויגן, — גוואַלד! וואָס איז

מיט אייך?! — ער איז אַרויסגעלאָפן פון שלאָפצימער און צעפּירט מיט די הענט.

בערלען האָט ער אַ גאַנצן טאָג ניט געפונען. ער האט זיך איינגעגנורעט אין א קישן.

ב.

דער לערער ייסראָעל פּרייט זיך וייער זעלטן. זיין רונדער פּאָנעם איז טאָמעד ערנסט און פארדייגעט. נאָר היינט, בעשאַסן פרישטיק, האָבן זיך דורך דעם געדיכטן הייטל, וואָס פארציט טאָמעד מיט אַ טרויער־שלייער און דייגעס זיין פּאָנעם, דורכגעריסן שמייכלענדיקע קנייטשן.

און איבער וואָס?

בעשאס מע האָט אלעמען דערלאַנגט צום טיש די קאנדענסירטע מילך מיט די זיסע גאלעטן, האָט זיך בערל אָפּגעזאָגט צו עסן...

אַלע קינדער זיינען געבליבן פארוואונדערט:

— בערל?!

— כ'וויל ניט...

— בערל, זע נאָר, מילך מיט גאלעטן!..

— אַי, טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר...

אַפן אַנדערן טאָג ווידער דאָסזעלבע:

— אוי, זע נאָר, ער עסט טאקע ניט!

— איך האָב געזאָגט, אַז ניט, איז ניט!

לערער ייסראָעל:

— נו, בערל, מאַך זיך ניט נארעש — נעם און טרינק!

מומע ראָכל:

— בערל, וואָס איז מיט דיר?

די קינדער אין אלע ווינקעלעך:

— כעוורע, שאַ! אַ בער אין וואַלד איז געפּייגערט...

נאָר ניין. ס'איז ניט עמעס. אַלע בערן זיינען גראדע די נאַכט געבליבן לעבן. עפשער זיינען זיי אַף מאָרגן אויסגעשטאָרבן. נאָר דאָס ווייס איך שוין ניט.

בערל האָט זיך אַליין באשטראָפט: ער וועט ניט טרינקען דריי וואָכן נאָכאנאנד קיין אמעריקאַנער קאָנ־דענסירטע מילך און וועט ניט עסן דריי וואָכן נאָכאַ־נאַנד די געשמאַקע אַמעריקאַנער גאלעטן. (אַזוי האָט ער פּינקטלעך אויסגערעכנט) און דערמיט וועט ער אַליין אָפּצאָלן פאר דער געניייווע, וואָס ער האָט געמאַכט.

דער לערער ייסראָעל האָט שוין אַפּילע מיט אים עט־לעכע מאָל געשמועסט:

— אַי, בערל, וואַרף אַוועק דיינע נארעשקייטן, מיר זיינען דיר אַזוי אויך מויכל...

די מומע ראָכל:

— בערל, בערעלע, נו שוין, נו!..

ביילקע:

— בערל, ביסט אַ כוואַט, נאָר צו וואָס די איינגע־שפּאַרטקייט?

נאָר גאָרנישט האָט ניט געהאָלפן.

...און ווען עס זיינען דורך די דריי וואָכן שטראָף איז שוין מער קיין מילך מיט גאלעטן ניט געווען. „אַראַ"

האָט אופגעהערט צו סובסידירן מיט אמעריקאַנער זיסע קאָנדענסירטע מילך און געשמאקע גאַלעטן...

דער לערער ייסראָעל איז שוין אַפילע עטלעכע מאָל געגאַנגען אין קרייזבילד זיך דערוויסן, פארוואָס האָט זיך אַמעריקע אַזוי אָנגעבלאָזן... נאָר מיילע! נעמט זי דער רועך!.. מירן זיך אָן זיי אויך באגיין!..

## VI. בוקעט האָט כאַסענע מיט דאַמקען

...בוקעט איז א יונגער, א בלאָנדער מיט צווי בלויע אויגן און צווי ווייסע און ווייכע אויערן ווי וואַטע. דאַמקע איז אויך אַ יונגע, אַ שוואַרצע, מיט צווי גרויע ליבלעכע אויגעלעך, אַ קוטשעראַווע קאָפּ האָר מיט פיל דינע לאָקאָנעס.

באַגעגנט האָבן זיי זיך גאָר צופעליק: בוקעט האָט איינמאָל שפּאַצירט איבער דער גאַס, אַזוי רויק געגאַנגען איבערן טראָטואַר, געקוקט מיט זיינע צווי בלויע אויגן אף דר'ערד און געפאָכעט מיט זיינע ווייסע און ווייכע אויערן ווי וואַטע. האָט ער אף אַ צווייטער זייט דערזען דאַמקען: זי איז געשטאַנען אין אן ערנסטער פּאָזע און געקוקט אפן לויפנדיקן טראַמוויי... האָט איר בוקעט א ווונק געטאָן:

— קום נאר אַהער, נאַכעסל...

איז דאַמקע באַלד אַריבערגעלאָפן צו אים. דאַן האָבן זיי ביידע אָפּגערעדט וועגן דער קומענדיקער באַגעגעניש און זיך צעגאַנגען, ווייל ס'האָט זיי ניט געפּאַסט אינמיטן

וועג זיך דערקלערן אין ליבע... און דערנאָך האָבן זיי שוין ביידע אָפּטער זיך אָנגעהויבן באַגעגענען, שושקען זיך, קושן זיך און טאָן אַלץ, וואָס עס פּאַסט פאַר כאָסן־קאַלע. און אַזוי אַרום כאַסענע געהאַט.

פאַר דער כאסענע האָט דאַמקע, ווי געוויינטלעך, געלעקט בוקעטן זיינע ווייסע און ווייכע אויערן, געשטופּט איר קודלאטע קאָפּ צו אים אין האלדז אריין (הינטישע ביינדעלעך!) געדרייט איר שלאנק קערפּערל, איר גרויסן און ווייכן ווידל און געכיינדלט זיך צו אים מיט א ווייך צעצויגן קאָל:

— אַך, בוקעטיקל, פאַרשטייסט דאָך אליין, אז ליבע איז ניט קיין בולבעס...

זייער כאַסענע האָבן זיי אינערגעץ ניט רעגיסטרירט. ניט אין זאַגס" און ניט באַם ראָוו.

אין „זאַגס" האָבן זיי ניט רעגיסטרירט זיך דערפאַר, ווייל זיי קאָנען ניט ליידן דעם ביוראָקראַטישן צוגאַנג צו א יונג פּאָר פאָלק (אַזוי האָבן וועגן דעם מענטשן דערציילט), ווי, לעמאָשל, פאַרגעבן כאָסן־קאלע אזעלכע פראגן (יעדערן באַזונדער):

— ווער איז, יונגערמאַן, ביטע, געווען אייער טאַטע?

— און ווער איז, בירגערן, — אייך מיינט מען, — געווען אייער מאמע? (זייער באבעס אייסעק!)

— צי האָט איר, — אנטשולדיקט מיר פאַר דער באשיי־דענער פראגע — ביידע געפּאָקט און געמאָזלט, און אויב ניט, טאָ פאַרוואָס?

— דערמאָנט זיך, ליבער יונגערמאַן, וואס האָט איר געטאָן ביזן 17־טן יאָר, נאָכן 17־טן יאָר און וואס ר'עכנט איר ווייטער צו טאָן?

— צי האָט כאַלילע ניט די קאלע — אנטשולדיקט מיר פאר די גראָבע רייד — קיין ווענערישע קרענק... (פּי, ס'אַראַ מיעסקייט!) און צי האָט עס כאָלילע ניט אויך דער כאָסן?

אָדער גאָר אַזאַ קלאָץ־קאַשע:

— אויב ניִשט, טאָ פאַרוואָס? און אויב יאָ, טאָ פאר־וואָס נישט?

פאַרוואָס? פאַרוואָס?! — אַז גיי צעעפן זיי דאָס האַרץ פאר די כוצפּעניקעס, ס'איז זייער אייסעק!

און באַם ראוו האָבן זיי אויך ניט געשטעלט זייער כופּע דערפאַר, ווייל זיי האָבן שוין אזוי פיל אָנגעזעען די מעשוגענע צערעמאָניע פון ארומדרייען זיך אונטער פיר שטעקנס מיט אַ שמאַטע איבערגעדעקט, ברעכן גלע־זער, אַז עס איז זיי שוין פּאָשעט געוואָרן עקלהאַפט פון דעם.

דעריבער האָבן זיי גלייכער געטאָן: פּאָשעט זיך צו־נויפגערעדט, ביידע מאסקים געווען, ביידע זיך געשווירן איינער דעם אנדערן זיין טריי און ערלעך ביזן גרויען צאָפּ, און באַסטאַ!

אָבער איין זאַך דאַרף מען באמערקן, אַז נאָך דער ערשטער גליקלעכער נאַכט האָבן זיך צווישן ערשטן יוגגן פאָר־פאָלק אָנגעהויבן מאכלויקעסן. ניט ווייל דער שטיי־

גער איז היינט אַזאַ, ניין. דאפקע איבער אַן אַנדער זאַך. אייניקע כעוורע פון קינדערהויז גומער 40 האָבן די גאַנצע צייט נאָכגעקוקט נאָך זיי, און בוקעט מיט דאמקען האָבן אַפילע ווען דעם ניט געוווסט.

דאס יונגע פאָר פאָלק האָט געוואָלט, אז קיינער זאָל ניט וויסן פון זייער כאַסענע, האָבן אָבער די כעוורע פון קינדערהויז נאָך איידער וואָס־ווען שוין צעטראגן מיעסע קלאנגען און רעכילעס וועגן דעם. און דערפאר האָבן זיך עס טאַקע אָנגעהויבן צווישן דעם פאָרפאָלק מאכלוי־קעסן.

בוקעט האָט געזידלט דאמקען, האלעמייַ זי האָט זיך צו פריי געהאַלטן, ניט אַזוי ווי עס דארף זיך האלטן אַ היינטצייטיקע יונגע פרוי, צופיל געדרייט מיטן ווידל און האָט מיט אירע מיעסע כיינדלעך שוין צופיל אַלעמען אַרויסגעגעבן זייער ביידעמענס סאָד... און דאמקע האָט פאָרגעוואָרפן בוקעטן, אַז ער איז נאָך א נאריש יינגל, צופיל פאָכעט ער מיט זיינע ווייכע אויערן (מיסטאָמע ווינקט ער צו אַנדערע אויך) און ביכלאַל, האָט זי צוגע־געבן, אַז אויב מען איז נאָך א שקאָץ, דאַרף מען זיך אַביסל אָפּהאלטן מיט דער כאַסענע. מע דאַרף זיך פריער אויסלערנען פירן ווי עס באַדאַרף צו זיין און דערנאָך זיך ערשט פאַרבינדן מיט אַ פרוי.

די קינדער, וואָס האָבן נאָכגעקוקט נאָך דער כאַסענע, האָבן איינמאָל אַרומגערינגלט דעם לערער ייסראָעל און אים געפרעגט:

— לערער ייסראָעל, הינט האָבן אויך כאַסענע?

דער לערער ייסראָעל האָט אַריינגערוקט ביידע הענט אין די קעשענעס און געקוקט אַף אַלעמען מיט אַ קרום ביינדעלע.

— לערער ייסראעל, זאָגט!..

לערער ייסראָעל האָט אָפּגעווישט מיט אַ טיכעלע דאָס רעכטע אויג, וואָס האָט באַ אים אַביסל געטרערט, אַ דריי געטאָן מיט די רונדע קינבאַקן און זיך דריבנע צעלאַכט:

— נאַראָנים... וואָס זשע, הינט קענען ניט כאַסענע האָבן...

...און פארנאַכט איז לערער ייסראָעל געזעסן ביז שפּעט איבער עטלעכע ביכער און אַלץ געטראַכט וועגן דעם, ווי אזוי זאָל ער עס בעסער דערקלערן די קינ־דער. ער האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט זיי דערקלערן אַזוי:

— קינדער, אייך איז מיסטאָמע אַמאָל אויסגעקומען צו זיַין אין אַ גאָרטן אָדער אין א פעלד, עמעס? האָט איר דאָך אַף געוויס דאָרט געזעען בלומען. אָבער ווי אַזוי לעבן זיי די בלומען, האָט איר זיך ניט אינטערע־סירט. ריכטיק? איז אָט, קינדער, צי ווייסט איר, אַז בלומען פירן אויך אַ באַזונדער לעבן, עסן, טרינקען און פּרוכפּערן זיך אַפּילע... ניין, „פּרוכפּערן" זיך — וועט ער זיי ניט זאָגן, ווייל באַלד וועט דאָך מיסטאָמע עמעצער אַ פרעג טאָן: — לערער ייסראָעל, וואָס הייסט פּרוכ־

פערן ?.. ער וועט זיך בעסער אנדערש אויסדריקן, ווייל ער האָט שוין עטלעכע מאל באַמערקט, אַז כעוורע אינ־טערעסירן זיך מיט דער פראגע. די מיידלעך האָבן זיך אים געקלאָגט, אַז בערל קוקט אָפט אריין צו זיי אין שלאָפצימער פונקט דעמאָלט, ווען מען טאָר ניט אריינ־קוקן...

אָט ניט לאַנג איז געווען אַזאַ פאל:ביילקע איז עט־לעכע טעג נאָכאַנאַנד ניט אַרויסגעגאַנגען פון שלאָפצימער, האָבן די יינגלעך געפרעגט פון איר:

— אַ קראַנקע און האָט ניט קיין טעמפעראטור...

און בערל האָט די גאַנצע צייט נאָכגעקוקט, ווי די מומע ראָכל האָט ביילקען יעדן טאָג אַ טאַז מיט וואַסער אריינגעטראגן. בערל האָט זיך געוואונטשט:

— כעוורע, ביילקע האָט עפעס אַ מאָדנע קרענק... האָט ניט קיין טעמפעראַטור און ליגט אין בעט... די מומע ראכל שושקעט זיך מיט ביילקען, טראָגט איר אַ טאַז מיט וואַסער. צוליב וואס דאַרף א מיידל אַ טאַז? כי־כי...

די פראגע, וואס די קינדער האָבן אים געשטעלט, האָט זייער געעקבערט דעם לערער ייסראָעלס מויעך. ער האָט געפרווט אופמישן נאָך א ביכל. עפשער זיי דערקלערן אפן ביישפיל מיט פיש, אַרויספירן זיי צום טייכל און באוויזן:

— קינדער, איר זעט אָט די קליינע פישעלעך, פלאט־קעלעך, וואָס שווימען דאָ ארום גאַנצע סטייַעסווייז, פאר־

מערן זיך זייער גיך. יעדער פישעלע ווארפט ארויס פון זיך א קליין שטיקעלע רויג...

דער אַלטער אַקאַציע־בוים האָט פארבויגן זיינע צווייגן צום לערער ייסראעל אין פענצטער אַריין. ער איז געזעסן ביז שפּעטער נאַכט. דאָס רעכטע אויג, וואס טרערט באַ אים שטענדיק, האָט אָנגעהויבן זיך קלעפּן און אים געשטערט אַרבעטן.

האלבע נאַכט האָט זיך אופגעכאַפּט זיין פרוי, מומע ראָכל:

— ייסראָעל, — האָט זי מיט אַ שלעפעריקן און בייזן טאָן געזאָגט, — ביזוואנען איז דער שיר צו זיצן? דו פאטערסט זיך דאָך אינגאַנצן אַוועק באַ אַזאַ ארבעט!

...אַף מארגן אינדערפרי האָט לערער ייסראָעל געהאַט גרויסע יעסורים:

ביילקע האָט אים דערציילט, אז היינטיקע נאַכט איז בערל אריין צו זיי אין שלאָף־צימער און זי אָנגעהויבן קושן... זי האָט זיך אַזוי דערשראקן, אַז דאָס האַרץ איז באַ איר שיר ניט ארויסגעפאלן...

די פרוי זיינע, ראָכל, האָט געקוקט אפן לערער ייסראָעל מיט ברענענדיקע אויגן:

— ייסראָעל, דערמאָן זיך, האָב איך דען דיר באַם אָנהויב, ווען דו האָסט אים נאָר גענומען פון איזאליאַטער, ניט געזאָגט, אַז לאָמיר בערלען אָפּשיקן צוריק. ער פאַסט זיך לאכלוטן ניט צו צו אונדזער קאָלעקטיוו... און דו — דיינס: נישקאָשע, ראָכל, מירן אים איבערדערציען... איז אָט האָסטו דיין דערציִונג!..

דער לערער ייסראָעל האָט איר אַף דעם זייער נער־
וועז אָפּגעענטפּערט:

— אַי, ראָכל, הער שוין אוף!.. פאַרוואָס פּאַסט
ער זיך ניט צו, ווייסטו? דערפאַר, ווייל די גאַס, די שמו־
ציקע, פאַרדאָרבענע גאַס האַלט אים נאָך אין אירע נעגל...
און מע דאַרף אים קאָנען אַרויסרייסן פון דער גאַס. דאָס
איז אונדזער כויוו, ראָכל, יאָ!..

ביילקע האָט נאָך דער געשעעניש מיט בערלען אריינ־
געוואָרפן צום לערער ייסראָעל אין צימער אן אַנאָנים
צעטעלע:

„לערער ייסראָעל, מע דאַרף וועגן בערלען באַ־
האנדלען די פראַגע אף אַן אַלגעמיינער פאַרזאמלונג
פון אַלע קינדער".

אונטערגעשריבן: „אַ גרופּע מיידלעך".

. . . . . . . . . . . . . .

...בוקעט און דאַמקע האָבן אָבער זייער ליבע ניט
איבערגעריסן. די מאכלויקעס צווישן זיי זיינען אַוועק. און
דאָס יונג פאָרפאָלק האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אָפּטער
באַגעגענען, שושקען זיך, קושן זיך, און טאָן אַלץ, וואָס
עס פּאַסט פאַר כאָסן־קאַלע.

און ווי קאָן דען אַנדערש זיין? אַ כאָסן־קאַלע דאַרף
זיך ליב האָבן. אַ ניט, וואָס איז עס פאר אַ לעבן? דאַן
איז שוין בעסער זיך געטן און באַסטא!..

# V. אייסעדאָרע־ביילקע דונקאַן און ליודוויק־גערע בעטכאָווען

א.

. . . ווען אייסעדאָרע דונקאַן זאָל וויסן פון ביילקע דינאַר.

יאָ, אַז ביילקע דינאַר פלעג אינדערפרי זיך אופכאַפּן פון שלאָף, פלעג זי ארומוויקלען אַרום זיך די קאָלדרע און טאַנצן אף דער בעט . . . די קאָלדרע פלעג זיך פונעם דרייען פאנאנדערבלאזן און אלע מיידלעך פלעגן פאַטשן בראַוואָ. יאָ, פאטשן בראַוואָ און אַפילע אַרויסרופן די טענצערן אף ביס.

— ביס, ביילקע!

אַז ביילקע דינאַר גייט — טאַנצט זי.

אַז ביילקע דינאַר לויפט — טאַנצט זי.

אַז ביילקע דינאַר שפרינגט — טאַנצט זי.

אַז ביילקע שטייט אַפילע אף איין אָרט — טאַנצט זי אויך. אָט אַזאַ איז זי שוין, ביילקע דינאַר, אַז זי קאָן אַף קיין אָרט רויק ניט איינשטיין, זי זאָל ניט בויגן איר דינעם קערפער אַף רעכטס און אף לינקס, זי זאָל

יעדער ווילע ניט דרייען מיט אירע לאַנגע הענט און דאַרע פּיס. אָט אַזאַ איז זי שוין, ביילקע דינאָר, אַז זי קאָן אַף קיין אָרט רויק ניט איינשטיין, זי זאָל אַף יעדן טראָט ניט פאַרבויגן די רעכטע האנט אַף פּאָרויס, די לינקע — אַף צוריק און זיך ניט פּרוּוון איינהאַלטן אַף איין פוס, אַפן גראָבן פינגער... זי האָט שרעקלעך ליב געהאַט טענץ. איך גאַנץ לעבן וואָלט זי אָפּגעגעבן פאַר טענץ. און ווען אייסעדאָרע דונקאַן זאָל וויסן...

נאָר, צום באַדויערן, קאָן שוין אייסעדאָרע דונקאַן ניט וויסן פון ביילקע דינאָר, און איך ווייס אפילע ניט, אַז ווען עס זאָל איר ניט אריינדרייען אין די רעדער פון אַווטאָ, צי וואָלט זי דאַן געוווסט פון ביילקען. כוץ דעם, איז שוין ביילקע פּאָשעט אַלעמען נימעס געוואָרן מיט איר צופיל בויגן זיך, צופיל באַלערינישע האוואַ־יעס אַף יעדן טריט און שריט, דאָרט, ווו מע דאַרף, און דאָרט, ווו מע דאַרף עס ניט... ווייטער... מע קען נאָך אסאך אויסרעכענען, מיט וואָס ביילקע, לעמאָשל, קען זיך ניט גלייכן מיט אייסעדאָרען (כאָטש זי האָט וועגן דעם זייער געטרוימט), נאָר וואס וועט דען דערפון אַרויסקומען? אָבער ביילקע גייט אין סטודיע, ביילקע לערנט זיך טאַנצן.

אָדער נעמט גערן, לעמאָשל.

גערע האָט זייער ליב געהאַט מוזיק. אַז מע האָט ראָס ערשטע מאָל געבראַכט אין קינדערהויז די פּיאַנע, האָט גערע געשפּילט מיט די פּיס...

פּאָשעט אַזוי: מיטן גראבן און מינדסטן פינגער פון דער רעכטער פוס:

Чижик, пыжик
Где ты был
На фонтанке
Водку пил...

און שפּעטער, ווען די מומע בראניע, די לערערקע פון מוזיק האָט אים געהייסן ניט האלטן די הענט ווי אַ האק, האָט ער געפרעגט: פאַרוואָס? — האָט זי אים דערויף געענטפערט.

— דערפאַר, ווייל דו דאַרפסט איצט ניט האַקן קיין האָלץ, נאָר שפּילן פּיאַנע, און דו האקסט האָלץ, און ניט דו שפּילסט פּיאַנע, פארשטאַנען?

און נאָך שפּעטער האָט שוין גערע אופגעהערט האַקן האָלץ. מע פלעג אים דאַן פון דער פּיאַנע נישט קענען אָפּרייסן...

...טיפע נאכט.

דער קינדערהויז שלאָפט.

דאָס הויז אַליין האָט ווי איינגעדרימלט מיט זיינע צוגעמאכטע טירן און פענצטער און נאר די שטילקייט הודעט אינעווייניק און אַרום.

גערע האָט זיך אופגעכאַפּט. ווייזט אויס, זיך דערמאנט אין עפּעס און איז אַ נאַקעטער אוועק אין זאל, דאָרט ווו די פּיאנע שטייט, און זיך אוועקגעזעצט נעבן. אַ בלויע זומערדיקע נאכט האָט כיינעוודיק, ווי אַ קליין

זייגעוודיק קינד, דורכן פענצטער ארייגגעקוקט. גערע איז געזעסן פארטיפט, וועגן עפּעס געטרוימט, נאָר אַלץ ניט געקאָנט כאַפּן די דינע מעלאָדיע, וואָס האָט אים געפאַנגען. אין די קאָרידאָרן איז געווען פּוסט און פינצטער און דער גאַנצער קינדערהויז האָט לייכט געאָטעמט דורכן שלאָף.

פּלוצים האָט גערע האַסטיק צעעפנט די פּיאַנע און זיינע פינגער האָבן אָנגעהויבן גיך־גיך לויפן איבער די קלאַווישן, ווי די מייזלעך לויפן איצט גיך־גיך אין דער קלאדאווקע...

— גאַזלען! — איז דער לערער ייסראָעל אין די אונטערשטע מאַטיעס אַריינגעלאָפן אין זאַל אריין: — וואָס טוסטו, גערע? ווערסט דאָך באַלד אַלעמען פון שלאָף אופוועקן!..

זיין ענטפער איז געווען קורץ:

— איך קלער!

— אָבער מע טאָר דאָך ניט, ס׳איז דאָך איצט שפּעטע נאַכט, און דו שטערסט מיט דיין שפּילן די רו פון אַלע קינדער.

— אוי, לערער ייסראָעל, הערט! — האָט זיך גערע אומדערוואַרטעט אַ הויב געטאָן פון שטול און זיינע אויגן זיינען ווי צוויי וועווריקלעך ארומגעשפּרונגען אין אַלע זייטן — כ׳האָב זיך דאַכט זיך אָקאָרשט אליין אַ מעלאָדיע געשאַפן!..

...און אַ דינע, פּלאסטישע מעלאָדיע האָט אין שפּע־

טער נאַכט איבערן קינדערהויז זיך צעהילכט און אין אַלע ווינקעלעך אָפּגעקלונגען. אַ דינע פּלאַסטישע מעלאָדיע האָט אין אַ כיינעוודיקער זומער־נאַכט געטאַנצט אינעם גרויען זאַל פונעם קינדערהויז...

דערנאָך האָבן שוין גערען אַלע קינדער א צונעמע־ניש געגעבן — בעטכאָווען.

גערע האָט פאַר דעם צונעמעניש אַלעמען געקלאפּט איבער די אויערן, ווייל ער האָט געוווסט, אַז מע רייצט אים מיט אַזאַ צונעמעניש ניט פאַר זיינע קאָמפּאזיציעס, נאָר דערפאר, וואָס ער איז עטוואָס טויבלעך... (בעט־כאָווען — האָבן זיי געהערט — איז אויך געווען אַ טויבער).

ב.

די גאַנצע שטאָט קאָן ביילקעס מאַמע — ביילקעס מאמע איז אַ בעטלערן.

אין די גרעסטע פרעסט איז ביילקע אַרומגעגאַנגען מיט דער מאַמען פון הויז צו הויז און געשנאָרעט:

— גיט אַ נעדאָווע!

— גיט אַ קאָפּיקע!

און אַז עמעצער האָט אָפּגעזאָגט, האָט ביילקעס מאמע יענעם באַשאָטן מיט בלאָטע:

— אַ מיסע מעשונע זאָל דיך איינעמען, פאסקודסטווע! אַ קאָפּיקע זשאלעוועט ער... און זי פלעגט דאן פאר־הויבן דאָס קליידל און היסטעריש אַ געשריי טאָן: — נאַ, זע! אַזעלכע צוואַנציק געשווירן (באַ איר איז געווען

אַ געשווירֿ אַפֿן דיך) זאָלסטו האָבן אַף די הענט און אַף די פּיס און אַפֿן פּאַסקודנעם מויל דייגעס, וואָס זשאַלע־ וועט אַן אָרעמער יידענע אַ קאָפּיקע!..

דאַן פֿלעג ביילקע אַ ציי טאָן די מאַמע פֿאַר דער פּאָלע:

— קום שוין, נו! אַז מע וויל דיר ניט געבן, איז וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט?

די גאַנצע שטאָט קאָן ביילקעס מאַמע.

פּאָרט זי אין טראמוויי דערצאָלט זי ניט אַ קאָפּיקע צום בילעט, הייסט איר דער קאָנדוקטער אַראָפּגיין. טוט זי אַ שפּיי אַף אים מיט איר מיעסן מויל:

— דו, שלעפּער! וואָס שטופּסטו זיך! איך האָב שוין אַזעלכע קינדער ווי דו — די קאַפּאָרע זיי פֿאַר זיי, — און ער שטופּט זיך נאָך!.. האָט איר געזען אַזאַ פּאַסקוד־ סטווע?! די כאָלערע זאָל אים אופּעסן!.. צוואַנציק מאַ־ קעס זאָל ער באַקומען!..

קויפֿט זי עפּעס אין קלייטל — דערצאָלט זי ניט עט־ לעכע קאָפּיקעס. און ווען מע דערמאָנט איר וועגן דעם — גיט זי אַ שמיץ דאָס פּעקל אַף דר'ערד און צעסלינעט זיך אַף דער גאַנצער גאַס:

— אויסקרענקען זאָלסטו דאָס, וואָס איך האָב אמאָל פֿארמאָגט!.. זאָלסט ניט דערלעבן מאָרגנדיקן טאָג, ס'ארא לעבן איך האָב אַמאָל געפֿירט, פּאַסקודסטווע!

די גאַנצע שטאָט ווייסט ווער ביילקעס מאַמע איז. די גאַנצע שטאָט האָט זי פֿיינט פֿאַר אירע אויסערגעוויינ־

לעכע, ניט־מענטשלעכע גראָבקייט, פאר איר נימעסן צו־שטיין צו יעדער פארבייגייער ווי א קלעק... און ביילקע אַליין האָט, פון זינט מע האָט זי צוגענומען אין קינדער־הויז, אויך זייער פיינט געקראָגן איר מאמען. זי סטאַרעט זיך פאַרבייגיין די ערטער, ווו די מאמע שטייט. עס עקלט איר איצט, ווען זי דערזעט אמאָל איר מאמען, ווי זי שטייט בײַ א קינאָ און שרייט אַף דער גאַנצער גאַס מיט א צעסלינעט מויל:

— מענטשן זיינט איר, האַ! הינט זיינט איר אַלע ניט קיין מענטשן, אַז איר זשאַלעוועט אַן אָרימער יידענע אַ קאָפּיקע צום לעבן. אַ סדרייפע זאָל אייערע הייזער פארניכטן, אַ מאַגייפע זאָל אייערע קינדער יונגערהייט אין דער ערד אריינײַאָגן!..

נאָר פון איין זאַך קאַן זיך נאָך ביילקע אַלץ ניט אָפּ־געוווינען — זי נעמט טאָמעד געלט און עסנווארג בײַ דער מאַמען. אויב זי באגעגנט זיך מיט דער מאמען, איז נאָר צוליב דעם, זי זאָל קענען בײַ איר אויסקליאַנ־טשען אַ פּאָר רובל. די מאמע אירע קומט אַפילע צוליב דעם אָפּט אריין אין קינדערהויז און בעט זיך באַם לע־רער ייסראָעל:

— איך בעט אייך, טייערינקער גאָספּאָדין, גיט איבער מיין ביילקעלען די פּאָר רובל מיט די שטיקלעך לעקעך... און אַז ער זאָגט איר צו, פאַלט זי צו זיינע פיס: — אייערע קינדער זאָלן אויסוואַקסן די שענסטע צאצקעס אַף דער וועלט...

דער לערער ייסראָעל האָט שוין אַפּילע עטלעכע מאָל געשמועסט מיט ביילקען.

— ווי איז דיר ניט מיעס? אַזוי שעמסטו זיך מיט דיין מאמען, קאָנסט זי ניט אָנקוקן, אָבער ווי עס קומט צו געלט, ווערסטו שוין אויס ביילקע... טאָמער דארפסטו אַמאָל האָבן א פּאָר קאָפּיקעס (כ׳ווייס, אַף א קעמעלע, אַ סטענגעלע, מאלע אַף וואָס א מיידל דארף אַמאָל האָבן קליין-געלט!) איז זאָג מיר נאָר, „לערער ייסראָעל, איך דארף האָבן א פּאָר קאָפּיקעס אַף דאָס און אַף יענץ" — וועל איך דען דיר אָפּזאָגן, ווי מיינסטו! ? — מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. איז צוליב וואָס דארפסטו זיך אַזוי פאַרמי־עסן! ? פאַרגעס ניט, אַז די מאמע קומט אָפּט אריין אין קינדער־הויז און טראָגט אהער אָן די גאַנצע גראָבקייט אירע.

די לעצטע טעג האָט ביילקע פאַרוועדט דער מאַמען קומען אין קינדערהויז. אָבער ווען זי גייט אין דער סטו־דיע רעדט זי אָפּ מיט דער מאמען זיך באגעגענען עט־לעכע קווארטאַלן פאַר (עס זאָל כאָטשבע עמיצער פון די שילערנס ניט דערזעען, ווייל דאָרט אין דער סטודיע רופן זי דאָך אַלע „בעלאָטשקע", דאָרט עסט זי אָפּט שאָקאָ־לאַד, דאָרט איז זי ביכלאל אן אַנדערע). די מאַמע ציילט איר אויס די לעצטע קאָפּיקעס, וואָס זי האָט אויסגע־שנאָרעט, ווייל א קניפּ טאָן די טאָכטער פאַר די באַקן, נאָר ביילקע פאַרשווינדט...

ביילקע איז די איינציקע אין קינדערהויז, וואָס האָט געלט, טראָגט זי טאָמיד אַ פּאָר שענערע שיך, אַ שענער

קליידל פאַר אַלעמען, און דעריקער, ווען זי קומט פון דער סטודיע, מאכט זי טאָמעד רעווערענסן, בויגט אירע לאנגע הענט און דרייט מיט איר דינעם קערפּער אזוי, אַז אַלע מיידלעך (כוץ בערטען) האָבן זי שוין דערפאר אַליין שוין פיינט געקראָגן.

נאָר צוויי יינגלעך האָבן זי אין קינדערהויז ליב: גערע און בערל.

גערע גייט מיט איר טאָמעד אַף די לימודים. ווייל די מוזיקאַלישע שול, ווו ער לערנט זיך, איז ניט ווייט פון איר סטודיע. און דעריבער ווארט ער אַף איר אויס, און ווען זי ענדיקט דעם לימעד — גייען זיי אינאיינעם אהיים.

גערע האָט זייער ליב מענטשן, וואָס פארנעמען זיך מיט קונסט, און די קונסט אליין. און אזוי ווי ביילקע איז אין קינדערהויז די איינציקע, וואָס לערנט זיך טאנצן, דעריבער האָט ער זי שטאַרק ליב געקראָגן, שפּילט פאר איר טאָמעד די אויסגעלערנטע ראָמאנסן, און ווען ער ענדיקט שפּילן, קיצלט ער זי אונטער די פּאַכוועס און זי לאַכט גליקלעך און זאָרגלאָז ווי אירע כאווערטעס פון דער סטודיע.

ווענגן גערען, וואָס טראָגט איצט אזאַ שיינעם צונעמע־ניש בעטכאָווען, איז דאָ לאנג און אסאך צו דערציילן. נאָך איידער מע האָט אים דאָ אין קינדערהויז געקרוינט מיט דעם נאָמען „בעטכאָווען” האָבן אים שוין זיינע כאווערים פון וואקזאל און פון מארק געקרוינט מיט אן אנדער

נאָמען: „גראָזנע״. דאָס הייסט, אין עמעסן איז עס געוועזן פונקט פאַרקערט. זיין אויסזען האָט קיינמאָל ניט פאַרויסגעזאָגט די הענדלערקעס, אז טאָמער וועט זיך אָט דער שמענדריק אַ פּאָר מאָל ארומדרייען נעבן זיי, וועט באַלד פעלן א טוץ עפּל, צי אַ האַלב טוץ פּירעשקעס... און דעריבער האָבן זיי פאר אים קיינמאָל אַזוי ניט מוירע געהאַט, ווי זיי האָבן, לעמאָשל, מוירע פאר זיין כאווער מישקע דעם איינפּוסיקן. יענער, אַז ער פלעגט דורכשקאנדיבען אף איין פוס פארביי א הענדלערקע, פלעג זי שוין אפריער פארמאכן מיט דער פאָלע איר מיסכער און טאַקע דאַן פלעגט געריע פון הינטן ארום עפּעס אָפּציען...

וועגן געריען, וואָס טראָגט איצט דעם נאָמען פונעם באַרימטן קאָמפּאזיטער און אָט דאַן, זייענדיק אַף דער שוועל פון דער נאַטור געטראָגן דעם נאָמען „גראָזנע״ — איז דאָ אסאך צו דערציילן און אסאך צו שרייבן. קוידעמקאָל שטאַמט ער פונעם באַרימטן יידישן ייכעס: זיין טאַטע איז געוועזן אַ הענדלער. עמעס, אַכוץ דעם געלן פאַרשטויבטן פּאטענט אַף דער וואנט, האָט מען בא אים גאָרניט ניט אַרויסגעזען, דאָך אָבער איז ער געוועזן אַ הענדלער... נו, און אין 14־טן יאָר, ווי איר ווייסט, האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע און דאַן איז זיין פאָטערס קלייטל צעבראָכן געוואָרן און זערנאָך שוין אויך דאָס לעבן...

נו, און דאַן, ווייסט איר דאָך, האָבן די יידן געמוזט

ליפּן (אָט פונדאנען נעמט זיך מיסטאמע דאָס ווערטל „בעזשענצעס"), איז מען געלאָפן. און דערנאָך די גרויסע רעוואָליוציע, דערנאָך בירגער־קריג, דערנאָך הונגער, דער־נאָך...

דערנאָך האָט מען שוין גערען געקאָנט אָפּט באגע־גענען אַפן מארק, צי אַפן וואָקזאַל איינעם מיט זיין כאווער מישקע איינפוסיקן... נו, און איצט, אין קינ־דערהויז נומ. 40 — ליודוויק־גערע־בעטכאָווען...

בערל קען ביילקען שוין פון לאַנג. איידער ער האָט נאָך אין קינדערהויז געווינט האָט ער זיך שוין בא זיי (בא ביילקען) אין הויז געוואלגערט, ווייל ער האָט קיין אַנדער אָרט ניט געהאט וווּ צו ווינען. בערלס עלטערן זיינען געשטאָרבן, ווען ער איז נאָך אַ קליינינקער געווען. און זיין איין־און־איינציקע פאר־בליבענע שוועסטער ציפּקע — האָט אים שפעטער אינגאַנצן געוואָרפן, ווייל ער פלעגט טאָמעד שלעפן באַ די שכיי־נים געלט און עסנוואַרג, און עס איז איר שוין נימעס געוואָרן אויסהערן אַלע טאָג פון די שכיינים די אָנ־קלאגעס אַף איר ברודער... איז זי אוועקגעפאָרן אין אַן אַנדער שטאָט (דאָ האָט זי שוין סיי ווי קיין אַרבעט ניט געהאַט!) און דעם ברודערל געלאָזט!

— אז ער איז שוין פון קליינווייז אָן אַזאַ גאַנעפל וועט ער אַף ווייטער געוויס ניט פארפאַלן ווערן...

איז ער טאַקע ניט פארפאַלן געוואָרן און האָט זיך גלייך אַפן אַנדערן טאָג געלאָזט שפרייזן...

בערל האָט שוין אַפילו איבער ביילקען עטלעכע מאָל פּונעם לערער ייסראָעל אַ פּסאַק געכאַפּט. ניט לאַנג האָט מען איבער בערלען פאַר זיין מיעסער אופירונג א כאַ־ווערשן געריכט איינגעאָרדנט. ער געדענקט זייער גוט דעם געריכט:

...אין זאַל האָט געהערשט א פּיבערדיקע שטילקייט. בערל דער באַשולדיקטער איז געזעסן אף דער לעצטער באנק און האָט איינגעגראָבן זיינע אויגן אין דיל.

— רויק! — האָט איציק דער פאָרזיצער הויך א זאָג געטאָן צו אַלע קינדער, — באַלד הויבן מיר אָן דעם גע־ריכט איבער בערלען, וואָס איז פאָריקע נאַכט געקראָכן צו ביילקען אין שלאָפצימער אַריין...

(אַלע מיידלעך אין זיך:

— כי־כי...

אַלע יינגלעך פאַר זיך:

— כא־כא...)

דער לערער ייסראָעל האָט זיך א כאפּ געטאָן פאַר דעם קאָפּ און האָט פאַרמאַכט די אויגן... שפּעטער אַ פּאָר סעקונד איז ער נערוועז צוגעגאַן צום טיש און האָט פאַרכאַפּט:

— קינדער! איציק האָט אייך שלעכט דערקלערט. מיר וועלן בערלען ניט מישפּעטן, נאָר מיר וועלן דאָ אַלע איניינעם באהאַנדלען די פראגע, צי מעג א יינגל, וואָס דערציט זיך אין קינדערהויז, אַזוי מיעס זיך אופירן ווי בערל...

בערל געדענקט אויך גוט געדעס באשולדיקונגס־רעדע:

— ... כעוורע! מיר ווייסן שוין, דאַכט זיך, אַלע, ס'ארא מענטש בערל איז!.. (יעדער האָט אומבאמערקט פאר זיין שאָכן אומגעקערט דעם קאָפּ צום באַשולדיקטן). עס איז געגוג צו דערמאָנען, אַז בערל האָט אַפילע באַם לערער ייסראָעלן אַליין אַ רובל פון קעשענע ארויסגע־שלעפּט... לערער ייסראָעל, עמעס?! (דער מומע ראָכלס אויגן האָבן זיך מיטאַמאָל אָנגעצונדן און אָנגעהויבן פלא־קערן).

— און איצט אָט דער פאַל מיט ביילקען: אַלע יינג־לעך האָבן פארהויבן די ברעמען, און די מיידלעך — אַראָפּגעלאָזט (ביילקע איז א פאַרשעמטע ארויס פון זאַל).

און דער פסאַק־דין, וואָס דער קינדער־קאָלעקטיוו האָט אַרויסגעטראָגן, האָט בערלען אויך געגוג דערשלאָגן:

— ... „אויב עס וועט זיך נאָכאַמאָל עפּעס וואָס איבערכאַזערן מיט אים — שליסט מען אים אויס אין איינע 24 שאָ פון קינדערהויז און דאַן זאָל ער גייען ווהין די אויגן וועלן אים טראָגן".

און דאָך... דאָך האָט ביילקע ניט פיינט בערלען און נאָכן מישפּעט האָט איר שוין אַפילע אַליין אביסל באַנק געטאָן, לעמיי זי האָט דעם לערער ייסראָעל וועגן דעם דערציילט... ער וועט עס סיי ווי מער ניט טאָן...

ביילקע האַלט, אַז געדע, לעמאָשל, איז נאָך א מער שעד־לעכער יאַט אין קינדערהויז, ווי בערל. אויב בערל טוט אַלע זיינע מייסים אָפן, איז געדע אַ פאַרדאָרבענע נע־

שאָמע פון קאָפּ ביז די פיס... גערע טוט נאָך ערגערס פאַר בערלען, און אים מישפּעט מען ניט דערפאַר... גערעט ווערטערלעך, גערעס ווינקען, גערעס קריכן מיט די הענט איז צוואַנציק מאָל שעדלעכער איידער בערלס לעצטן פאַל... און ניט איינמאָל, ווען גערע קריכט צו איר מיט די הענט, ווילט זיך איר אַ געשריי טאָן אינ־דערהויך, פאַר אַלעמען:

— זעט נאָר, וואָס קריכט ער צו מיר, דער טויבער בעטכאָוועו!..

אָבער גערע אַליין קאָן בערלען דעם לעצטן פאַל ניט מויכל זיין. גערע האַלט, אַז אַזאַ צעלאָזטער יינגל ווי בערל טאָר ביכלאל אין קיין קינדערהויז ניט זיין, א ניט ווירקט ער אַפן גאַנצן קאָלעקטיוו... ביילקע האָט שוין אַפילע בעטכאָוועגען א באַמערקונג געמאַכט:

— פע, גערע, טשעפּעסט איך שוין צופיל צו אים!

אָבער דער קאָמפּאָזיטער האָט דערפאַר דער טענצערן אַ שפּיצל אָפּגעטאָן. מיט די מאַטראָסקעס:

צום אָנהויב אַפּריל, ווען די זון האָט אָנגעהויבן רייצן מיט אירע וואַרעמע שטראַלן, האָט די מומע ראָכל אַריינגעטראָגן דעם לערער ייסראָעל אַזאַ פּראָעקט:

— ייסראָעל, אַזוי ווי עס גייט שוין באַלד צום ערשטן מײַ און די קינדער וועלן דאָך ניט האָבן אין וואָס אַף דער דעמאָנסטראַציע אַרויסצוגיין (שוין אַלץ צעפליקט, שוין אַלץ צעריסן!), טאָ זאָל מען כאָטש די עלטערע מיידלעך אופנייען מאַטראָסקעס מיט בלויע קאָלנערס און

בלויע מאַנזשעטן, און די איבעריקע קינדער וועלן דער־ווייל ביז זומער אַזוי איבערגיין...

דער לערער ייסראָעל האָט איר פּראָעקט אָנגענומען (ער איז דער פּאַרוואַלטער און זי איז זיין פרוי), נאָר געדע האָט אָבער דאָ ניט פאַרשוויגן:

— סטייטש! סטייטש! פאַרוואָס עפּעס נאָר די על־טערע מיידלעך, פארוואָס ניט אלע מיידלעך? (ביילקע האָט זיך גערעכנט צווישן די עלטערע) און פאַרוואָס ניט די יינגלעך אויך? וואס איז, זייער נעשאָמע א ראָ־זשינקע?

און עס האָט זיך אזוי ארום דערקייקלט ביז א בונט, מיט אלע פּישטשעווקעס פון א בונט: מיט פּראָטעסטן, מיט פּאָדערונגען:—

— די עלטערע מיידלעך מאַטראָסקעלעך נאָר!

— די מומע ראָכל האָט בעסער ליב די מיידלעך, איידער די יינגלעך...

— מיר פּראָטעסטירן!

און עס איז אוועק צום לערער ייסראָעל א קורצער אָנזאָג פון אלע יינגלעך. (בערל איז אין דעם בונט גע־ווען א שטרייקברעכער):

„אויב מע נייט אונדז אויך ניט אוף קיין מאַט־ראָסקעס,—

גייט קיינער ניט פון די עלטערע יינגלעך אף דער מײַ־דעמאָנסטראציע!"

... איינשטילן דעם בונט איז געווען אומעגלעך, ווייל

די פּראָטעסט־כוואַליע האָט שפּעטער אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן קינדערהויז, איז געבליבן — קיינעם קיין מאַטראָס־קעס ניט גייען.

אָבער גערע האָט נאָך דעם בונט גאקומען א דריטן צונעמעניש (פון דער מומע ראָכל) — „שמאַטישע נע־שאָמע".

הייסט עס, ווייסן מיר שוין זיינע דריי צונעמענישן: „גראָזנע", „בעטכאָוועו", און „שמאטישע נעשאָמע". נאָר א שפּיי זיינען ווערט די אלע דריי צונעמענישן. מיט אים האָט גאָר אַן אנדער אומגליק געטראָפן. ביילקע האָט אים נאָך דעם בונט מיט די אלע מייסים דערקלערט אַן עפּנט־לעכן באָיקאָט:

— איך וויל מיט דיר מער ניט ריידן, און שוין!..

# VI. ד ר ײ ה ע ל ד ן

א.

זונטיק, מאָנטיק, דינסטיק. דערנאָך גײט מיטוואָך.

יאָ, טאַקע מיטוואָך.

דער לערער ייסראָעל האָט געזאָגט, אז מאָרגן, דאָ־נערשטיק, מאַכט דער קינדערהויז אַן אָבלאַװע. נאָר אַזוי ווי דאָנערשטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מע קען ניט מאכן די אָבלאַװע, האָט מע זי אָפּגעלייגט אַף פרייטיק. נאָר פרייטיק האָט אַ גאנצן טאָג געגאָסן אַ רעגן, אַזאַ רעגן, אז מע האָט אַף דער גאַס ניט געקענט אַרויסגיין, האָט מען עס שוין געמוזט בעמיילע אָפּלייגן אַף שאַבעס. און שאַבעס איז נאָכן רעגן געוואָרן א גרויסע בלאָטע, האָט מען געמוזט די אָבלאַװע מאַכן זונטיק.

איז טאַקע אזוי פארבליבן. — זונטיק.

דערדאָזיקער זונטיק איז פונקט געוועזן א זון־טאָג. די זון האָט אַביסל אויסגעטרוקנט די יענוואָכיקע בלאָטעס און די ייִנגלעך זיינען פאַרנאכט אַוועק מיטן לערער ייסראָעל אַפן מאַרק און אין וואָקזאַל מאכן די אָבלאַװע.

כעוורע פון קינדערהויז זיינען אַוועק מאכן אַן אָבלאַווע אַף די פּאַרוואָרלאָזטע, אַף די גאסיקע קינדער, וואָס האָבן ניט קיין דאך און האָבן ביכלאַל גאָרניט, אויסער כיטרע אויגן און פלינקע פיס. נאָר באַקומען האָט זיך עס פונקט פאַרקערט. אפן מארק האָבן גאָר די דאכלאָזע קינדער געמאַכט אַן אָבלאַווע אַף די כעוורע פון קינדערהויז... די גאסיקע כעוורע האָבן ארומגערינגלט די קינדערהויזניקעס פון אלע זייטן און זיי פאַרשטעלט דעם וועג...

באַ בערלען האָבן זיך שוין אין דער רעגע אָנגעהויבן בייסן די הענט און ער האָט טייקעף געוואָלט פאַרקאַטשן די ארבל... אָבער לערער ייסראָעל האָט עס באמערקט און איז אָנגעצונדן געוואָרן:

— בערל, אויב דו וועסט וואגן כאָטש מיט א פינגער זיי א ריר טאָן, קערן מיר זיך אַלע שוין אום צוריק...

יאָ, איז ווו האַלטן מיר? די ייִנגלעך פון קינדער־הויז נומער 40 זיינען זונטיק פאַרנאַכט אַוועק מיטן לע־רער ייסראָעל מאַכן אַן אָבלאַווע אף די פאַרוואָרלאָזטע, נאָר די פאַרוואָרלאָזטע האָבן גאָר געמאַכט אַן אָבלאווע אַף די קינדערהויזניקעס. אזוי?

איז קאָן איך אייך זאָגן דעם עמעס, אז די פאַרוואָר־לאָזטע האָבן פּאָשעט גערעכנט טאָמער וועלן זיי דאָ פּאקן א שטיקל נאַזשיווע, נאָר ס'האָט זיך אַרויסגעלאָזט א בויי־דעם, זיינען זיי זיך אַלע צעלאָפן, אַוועק זיך יעדערער שלאָפן אין זיין קאסטן.

פאַרנאַכט איז אין מאַרק פּוסט. פאַרנאַכט איז דער מאַרק אַ פרייער פאַר אַלע דאַכלאָזע, פאַר אַלע פאַרדאָר־בענע מענטשן, וואָס ווילן ניט, און האָבן קיין אַנדער אָרט ניט ווו צו שלאָפן אויסער דעם מאַרק. פאַרנאַכט זיינען אַלע קאסטנס, ווו עס זיצן די הענדלערקעס פּוסט. און אַ מענטש, וואָס האָט ניט קיין צימער קאָן זיך אַף באַנאַכט גוט איינאָרדענען אינעם קאסטן, דערצו זיך נאָך איבערדעקן מיט אַ פאַר שמאַטעס דעם קאָפּ און אַ גוטע נאַכט, שלאָף געזונט!

שלאָפן טאַקע דידאָזיקע כעוורע אין די קאַסטנס גע־זונטיקערהייט, ביז דער וועכטער אַליין שטורכעט זיי ניט אַף מאָרגן אינדערפרי אין דער זייט אַריין:

— נו, באַלעבאַטים מיינע, שוין צייט צו דער ארבעט, זע ווי דער טאָג איז שוין אופגעגאַנגען?!
ע־ווא!

דאַן שטייען זיי אוף פון זייער האַרטן געלעגער און צעשווימען זיך יעדערער איבער דער גרויסער הויפּשטאָט, איבער אַלע אירע וואָקזאַלן, מערק און הויפּטגאַסן... צע־לויפן זיך יעדערער אין זיין ווינקעלע: שלעפּן, שנאָרען, העלפן עמעצן אונטערטראָגן אַ קאָשעק אהיים, אונטער־זעגן יענעם אַביסל האָלץ, אָדער סטאַם גלאַט אזוי שטייען אַף אַ הויפּטגאַס און שפּאָטן פון יעדן פאַרבייגייער און פון דער גאַנצער וועלט...

דער לערער ייסראָעל קאָן זיי די פאַרוואָוולאָזטע, די גאַסיקע פאַרדאָרבענע קינדער, ער ווייסט אַף אויסנווייניק

יעדנס נעשאָמע און דעריבער האָט ער זיך געלאָזט גייען אַף אַזאַ אָבלאווע.

מיטן לערער ייסראָעל איז מיטגעגאַן א מענט, פאַר ווענען זיי אַלע שרעקן זיך און פון וועמען זיי אַלע לאַכן אָפּ, ווו נאָר און ווי נאָר זיי קענען. דער מענט האָט זיי געפירט אין זיכערע ערטער, ווייל ער ווייסט שוין גוט, ווו יעדערער פון זיי געפינט זיך.

... און זונטיק באַנאַכט זיינען שוין אין קינדערהויז נומער 40 אין אַ באַזונדערן צימער געשלאָפן דריי פרעמדע יינגלעך, וואָס ווען ניט דער צופאל, וואָלטן זיי גאָר היינט געגעכטיקט אין מארק, אין אַ קאַסטן איבערגעדעקט דעם קאָפּ מיט אַ פאָר שמאַטעס.

לערער ייסראָעל איז באַנאַכט אופגעשטאַנען און אַריינגעקוקט אין צימער, צי זיינען נאָך די כעוורע ניט אַנטלאָפן און מיטגעשלעפט מיט זיך עפעס וואָס פון קינדערהויז. נאָר צו זיין גרויס פאַרוווּנדערונג זיינען זיי אַלע דריי שטאַרק געשלאָפן און האָבן גאָרניט געטראַכט ערגעץ ווו אַנטלויפן...

ב.

איינער פון די דריי האָט געהייסן אייזיק. — א שמאָל פּאָנעם מיט צוויי לאַנגע רויטע אויערן, וואָס סטאַרטשען בא אים טאָמער אינדערהויך. די רויטע פאַרב, וואָס גייט קיינמאָל ניט אַראָפּ פון זיינע אויערן, איז אים אַן אָנדענק פון יענע טעג, ווען איבערן אויסגעדאַרטן לאַנד האָבן בייזע שניי־שטורעמס געווילדעוועט.

געווען איז עס אזוי:

אייזיקס שוועסטערל איז געלעגן אין גיפס און האָט זיך שוין העכער א יאָר פון אָרט ניט גערירט. עס גייען דורך טעג: געקרייזלטער צוויט, זוניקע יוני־טעג, הארב־סטיקער גוואדזש, פראָסטיקער גליוועך, און אייזיקס שוועסטערל ליגט אַלץ אינעם בעטל איינגעקלעמט אין גיפס...

אַ פאַרפרוירענער איז אייזיק אַריינגעלאָפן אין שטוב און זיך אַוועקגעזעצט שטילערהייט אין אַ ווינקל קייען א שטיקל מאַקוכע, וואס ער האָט ערגעץ אויסגעקראצט. דער שוועסטערלס פאַרווײנטע אויגן האָבן אים געשטאָכן און ניט געלאָזט פאַרזעצן זיין אכילע. האָט ער זיך אומגעקערט צו איר מיט דער פּלייצע און פאַרגעזעצט בייסן דאס האַרטע שטיקל מאַקוכע. דאָס שוועסטערל האָט זיך צעווײנט און גענומען קלאפּן מיט די דאַרע הענטלעך אי־בערן בעט.

ס'איז אריינגעלאפן די מאַמע:

— וואָסי!..

אייזיק האָט שווייגנדיק געגלאָדזשעט מיט די ציין דאס שטיקל פאַרדאַרטע מאקוכע און עס פעסט צוגעהאלטן מיט ביידע הענט, ווי א הונט א ביין. דאָס שוועסטערל האָט אַלץ געשריגן און געריסן דעם צעקראָכענעם מאַ־טראַץ.

— וואָסי?! גוואַלד, וואָסיז?..— איז די מאַמע אַ צע־קאָסטע ארומגעלאָפן איבערן צימער...

דאָס לעצטע יאָר זינט דאָס טעכטערל ליגט אין גיפּס און אין שטוב איז קיין שטיקל ברויט ניטאָ לויפט די מאַמע ארום ווי אַ צערייצטע כיַע און איז גרייט אלע־מען מאמעש פאַרצוקן, און נאָכמער איר זון אייזיק.

— גיב איר אָפּ!.. — די מאַמע האָט אַ ריס געטאָן פון זיינע הענט דאָס שטיקל מאַקוכע, אָבער אייזיק האט זיך אָנגעטשעפּעט אָן איר קלייד און זי ניט אָפּגע־לאָזט...

— גיב איר אָפּ! דו הערסט! — האָט זי אַ שליידער געטאָן דעם זון אין דר'ערד. זיין פאַלן האָט אָפּגעהילכט ווי אַ שווער געוויכט. און אפן פּאָנעם האָט באַ אים א דונער פּאַס בלוט אַ שטראָם געטאָן... האָט ער זיך קוים אופגעהויבן פון דער ערד און אָנגעהויבן היסטעריש קוויטשען און קלאפּן מיט די פויסטן איבערן טיש און אַרויסגעלאָפן פון שטוב...

אינדרויסן איז א וויוגע אַרומגעלאָפן. שנייִקע וואָלקנס האָבן פאַרנעפּלט אַלץ... און די גאַסן זיינען געבליבן אין כוישעך, אין שנייִקער פינצטערניש.

וווהין זאָל ער גיין?..

... א פרעמדע קראַפט האָט אים אוועקגעשלעפּט אין דער זאווערוכע אַריין און דערנאָך האט ער זיך אַ פאַר־פרוירענער שוין דערשלעפּט צום וואָקזאַל. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געריבן זיינע פאַרגליווערטע אויערן, אבער דער פראָסט איז פון זיי ניט אראָפּ.

און דערנאָך האָט ער שוין ניט איין שטאָט דורכגע־

שפּרייזט. זומער אין מאַרק, אַף די טישלעך געגעכטיקט, ווינטער אין וואָקזאַלן, אונטער אַ באַנק. אָבער די אויערן זײַנען בײַ אים פון דאַן אָן און ביז היינט פאַרבליבן רויט און האָבן בײַ אים אַלץ געסטאַרטשעט אינדערהויך, ווי בײַ אַ האָז...

דער צווייטער — פישקע, אַן אויסגעדאַרט יאַטל מיט קרומע פיס, גרינע אויגן, און פלאַטשיקער נאָז — בײַ־האַלט אין זיך אַ גרויסן סאָד פון קרימענעלן פאַר־ברעכן, און ווען ער דערמאָנט זיך וועגן דעם, גיסן זיך זײַנע אויגן אָן מיט בלוט און שטיקן אין זיך דעם גע־וויין...

...פישקע האָט נאָר געהאַט אַ מאַמע, אַ הויכע, אַ יונגע פרוי, מיט שלאַנקע פיס, א פריילעכע, נאָר א בייזע. די לעצטע צייט, ווען דער הונגער האָט אַלץ (אַלע קליידער, אַלע טעפלעך, דאָס בעטגעוואַנט) אַפן מאַרק ארויסגעשלעפּט, האָט די מאַמע אָנגעהויבן שפּעט בײַנאַכט זיך אומקערן אַהיים און אָפּט אַ שיקערע מיט צעשויבערטע האָר... עס האָבן זיך אויך אָנגעהויבן בײַ־ווייזן בײַ זיי אין שטוב פרעמדע מאַנסבילן, שיקערן וואַלגערן זיך מיט דער מאַמען אַף דער בעט...

— פישקע, — פלעג דאַן די מאַמע זיך ווענדן צום זון, — גיי ארויס אַף א ווײַלע אינדרויסן, מיר דאַרפן דאָ עפּעס ריידן צווישן זיך...

און פישקע פלעג ארויסגיין. ס'מעג כליופּען אַ גוס־רעגן, ס'מעג ברענען אַ פראָסט, פלעג פישקע ארויסגיין

„אַף אַ ווײַלע„ אַף דער גאַס און וואַרטן ביז דער גאַסט וועט אַוועקגיין . . .

איינמאָל, אַ האַרבסטיקער קאַלטער אָוונט האָט מיט אַ רעגן די שטאָט פאַרנעפּלט און געבן יעדער שטוב בלאָטיקע ריטשקעס צעטראָגן. די מאַמע איז אַרייַנגעפאַלן מיט אַ גאַסט און זיך געווענדט צום זון:

— פּישקע, גיי נעכטיק ערגעץ איבער הײַנטיקע נאַכט, איך דאַרף דאָ מיט אַ באַקאַנטן פאַרברענגען, שעמט ער זיך פאַר דיר . . .

פּישקעס גרינע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט . . .

— אינערגעץ גיי איך ניט ! . .

די מאַמע האָט אים שטילערהייט שאַרף אַ קניפּ געטאָן אין עלנבויגן, און האָט זיך געווענדעט צום זון הויך, אַז דער גאַסט זאָל הערן:

— גיי, זונעניו, נעכטיק ערגעץ איבער, טו צוליב דער מאַמען . . .

בײַ פּישקען האָבן זיך פונעם שטאַרקן קניפּ טרערן באַוויזן אין די אויגן. אָבער ער האָט די טרערן מיט גרויס ווייטעק אײַנגעהאַלטן און זיך ניט גערירט פון אָרט.

— נו, גיי זשע ! . . — האָט די מאַמע אײַנגעקלעמט אירע נעגל אין זיין לײַב טיף ביזן בלוט אײַנגעקלעמט, שטיקער הויט געריסן . . .

פּישקעס הענט האָבן אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיק האָלץ און אַ קלאַפּ געטאָן מיט דעם דער מאַמען אין שלייף אַרײַן, אין קאָפּ, אין לײַב און אַנטרונען . . .

דער גאַסט איז אויך באַלד פֿאַרשוווּנדן...

... און איצט, ווען ער דערמאָנט זיך וועגן דעם, גלוסט זיך אים רייסן פֿון זיך שטיקער הויט, נאָך ערגער ווי די מאַמע האָט פֿון אים געריסן. וואָרום ווער ווייס, מיט וואָס עס האָט זיך דאַן אויסגעלאָזט?..

שוין דורך דריי יאָר פֿון דעמאָלט אָן. דריי יאָר וואָגלעניש, דריי יאָר פֿון פֿרייען ניט געצאַמטן לעבן אַף דער גאַס אין די מערק, ביז דער לערער ייסראָעל האָט אים באַגעגנט... און נאָך איצט האַלט ער אין זיך באַהאַלטן דעם טיפֿן סאָד, וואָס קיינער ווייסט פֿון אים ניט... ער קלייבט זיך אַלץ דערציילן וועגן דעם דעם לערער ייסראָעלן, נאָר דער באַוווּסטזיין שטיקט אים...

*

און דער דריטער, — איז עלי. ער איז געקומען אין קינדערהויז פֿון אַ פֿאַרוואָרפֿן שטעטל. גלאַט אַזוי אַנטלאָפֿן. דער טאַטע שטייט נאָך איצט בא זיך אין שטעטל אַף אַ ראָג און האַנדלט מיט זאָקן און שנירלעך...

דער טאַטע האָט שוין פֿון לאַנג נאָכן זון קאַדיש אָפּגעזאָגט...

און איצט האָבן די דריי נייע כעוורע: אייזיק, פּישקע און עלי ענדלעך געפֿונען זייער נעסט אינעם יידישן קינדערהויז נומער 40.

אַ סימען האָט איר, אַז ס'איז שוין דורך אַ האַלב יאָר, און כעוורע האָבן אַפֿילע ניט געטרוימט ערגעץ וווּ אַוועקצולויפֿן.

די דריי נייע יאָטן, וואָס איינער פון זיי האָט געהייסן אײזיק, דער צווייטער פישקע און דער דריטער עליע, האָבן ענדלעך באַשלאָסן, אז דאָ אין קינדערהויז וועט זיין זייער ענטגילטיקע סטאַנציע און מער קיין „פערעסאד־קעס" מאַכן זיי שוין אין ערגעץ נישט.

די דריי נייע כעוורע, וואָס יעדער פון זיי האָט שוין לאַנג פון אן אייגענעם פעטער פאַרגעסן, האָבן איצט באַקומען א נייעם פעטער: לערער ייסראָעל, און האָבן אים טאַקע אַזוי גערופן: פעטער ייסראָעל.

דער אויספירקאָם האָט די ערשטע צייט אויסגעטיילט א דרייילינג, וואָס זאָל נאָכקוקן נאָך די דריי נייע פאַרשוינען: נאָך אייזיקן, פישקען און עליען, זיי זאָלן זיך פירן לייטיש, ניט שלעפן, ניט זידלען זיך, ניט רויכערן, ניט שפייען אַפן דיל, זיי זאָלן וואשן די הענט פאַרן עסן, האלטן א מאָל א ביכל אין דער האַנט און ניט ווירקן אַף די איבעריקע קינדער.

דער דרייילינג איז באַשטאַנען פון גערען, בערלען אוןביילקען.

טאָמער האָט אייזיק זיך ארויסגעכאַפּט אמאָל און פאַרפאָרן איציקן אין דער בובנע*) אריין, האָט זיך בערל באַלד ארייינגעמישט:

— סטאָפּ, אין קינדערהויז טאָר מען אַזעלעכע זאַכן ניט טאָן!..

*) אין דער צורע.

טאָמער האָט דער גייער פישקע זיך ארויסגעכאַפּט מיט א שיין ווערטעלע, ווו עס איז געווען דערמאנט די באַרימטע רוסישע „מאַמע", איז ביילקע טייקעף געלאָפן צום לערער ייסראָעל:

— לערער ייסראָעל, מע דאַרף אים באשטראָפן דערפאַר . . .

טאָמער האָט דער לאַנגער עליע זיך אמאָל מעיאשעוו געווען און ארויסגעכאַפּט פון קיך א שטיקל געבראָטן פלייש, איז שוין גערע געווען אף דער וואַך:

— ע, ברודערקע, פאַרגעס! אין קינדערהויז זאָלסטו אלע דיינע שטיק פאַרגעסן. דאָ וועלן זיי דיר ניט אָנגיין . . .

די דריי נייע כעוורע, וואָס האָבן ענטגילטיק באשלאָסן, אַז דער קינדערהויז וועט זיין זייער לעצטע סטאַנציע און מער קיין פּערעסאדקעס מאַכן זיי אינערגעץ ניט, האָבן זיך סאָפּקאָלסאָף איבערגעקאָכט אינעם גרויסן קעסל, האָבן סאָפּקאָלסאָף אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם גאסיקן שמוץ און די פאַרדאָרבענע גאַסיקע געוווינהייטן . . .

דער לערער ייסראָעל האָט די דריי נייע כעוורע ליב געקראָגן, אָפּט זיי ארייגערופן צו זיך אין צימער און געשמועסט מיט זיי:

— איר פאַרשטייט? איצט האָט איר שוין א היים, דאַרפט איר זיך פירן אזוי, ווי א קינד פירט זיך בא זיך אין שטוב. ניט גאַנוועענען באַ א שוועסטער און ברודער קיין זאַכן, ניט שלאָגן זיי, ניט באַליידיקן זיי מיט

זידלווערטער און זיך כּאַוועריש באַציען צו די עלטערע כאַווײַרים, צו די לערער, וואָס זאָרגן וועגן אײַך און ווילן אײַך טאָמער פֿאַרבעסערן דאָס לעבן...

ג.

אין אַ יאָר אַרום איז דער קינדערהויז ווידער געפֿאָרן אַף דאַטשע.

דער היגער שטאָטראַט האָט דעם קינדערהויז באַזעצט אינעם געוועזענעם מאַיאָנטעק פֿונעם פּירשט סוויאטאָ־פּאָלק־מירסקי. דערדאָזיקער פֿײַנער פֿאַרשוין האָט אַמאָל אַליין געהאַט גאַנצע 7 פּרודן און האָט זיך אַליין גע־באָדן אין זיי, און אויסער זיך מיט זײַן מישפּאָכע קײַנעם אפֿילע ניט צוגעלאָזט צו די טײַכן! (אַ כאַזערשאַפֿט אַזאַ)

איצט האָבן זיך אַלע קינדער פֿונעם יידישן קינדער־הויז נומער 40 געבאָדן אין זײַנע טײַכן, שפּאַצירט אין זײַנע סעדער און געשפּילט אַף זײַנע לאָנקעס אין „לאַפּ־טאַ“ און אין „פֿוטבאָל“.

כעוורע האָבן זיך זייער פֿרײַ געפֿילט אין זײַן מאַיאָנ־טעק. זיי האָבן זיך געפֿילט ווי עמעסע באַלעבאַטים, און געקלעטערט אַפֿילע אַפֿן בוידעם און אַפֿן דאַך.

פּראָדוקטן פֿלעגט מען אָבער באַקומען פֿון שטאָט. יעדע צוויי וואָכן פֿלעגט די ווירטשאַפֿטן קאָמיסיע אי־נעם באַשטאַנד פֿון די דרײַ באַקאַנטע כעוורע — אײַזיק, פֿישקע און עליע — פֿאָרן אין שטאָט נאָך פּראָדוקטן און בעשאַסן פֿאָרן צוריק פֿלעגן זיי בײַ דער סטאַנציע אַראָפּ־

וואַרפן די זעקלעך פון וואגאָן און דערנאָך אליין אַראָפּ־שפּרינגען.

נאָר דאָס לעצטע מאָל האָט זיך געטראָפן אזאַ מייַסע:

אייזיק, פישקע, און עליע האָבן אָנגעפּאַקט דריי זעק מיט פּראָדוקטן און זיך געלאָזן פאָרן צו זיך אין מאַיאָנטעק. גוט. פאָרן זיי. זיי זיינען נאָר אָפּגעפאָרן עטלעכע ווערסט פון דער שטאָט, איז זיך דער לאָקאָמאָטיוו מעיאשעוו, לעמאַי זאָל ער היינטיקס מאָל שלעפּן מיט זיך אזויפיל וואַגאָנעס, אַז ער קאָן עס איבערלאָזן פאַר אן אנדער לאָקאָמאָטיוו... לעמאַי זאָל יענער ארומשפּאַצירן פראנק און פריי און גאָרניט ניט טאָן? און ער האָט טאַקע אזוי געטאָן.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט שטאַרק אנגעהויבן פייפן, וואָס האָט פאַרן הויפּט־קאָנטראָליאָר באַדייט: טשעפּעט אָפּ פון מיר די לעצטע וואַגאָנעס, א ניט קאָן איך זיך פון אָרט ניט רירן...

און דער הויפּט־קאָנטראָליאָר האָט באַלד געגעבן אַ באַפעל:

— העי, טשעפּעט דאָרט אָפּ די לעצטע פאָר וואַגאָנעס!..

און מע האָט טייקעף אָפּגעטשעפּעט (וואָרום, אַז דער לאָקאָמאָטיוו אליין וויל ניט, איז דאָך ניט שייַעך...), און צווישן זיי אויך פונקט דעם וואַגאָן, ווו עס זיינען געזעסן די ווירטשאַפט־קאָמיסיע פון יידישן קינדער־הויז נומער 40 אינעם באַשטאַנד פון די דריי באַקאנטע פאַרשוינען, אייזיק, פישקע און עליע.

אין א האַלבער שאָ ארום איז אָנגעקומען אן אנדער לאָקאָמאָטיוו, צוגעטשטעפּעט צו זיך די ווירטשטאַפט־קאָמיסיע און איז אַוועקגעפאָרן...

— אוי, א בראָך צו אונדזערע יאָרן! — האָט זיך אייזיק א כאַפּ געטאָן אינמיטן וועג. מע פירט דאָך אונדז דער רועך ווייסט וווהין...

און ער האָט אַפּאָנעם געטראָפן, אייזיק. זיי זיינען טאַקע געפאָרן מיט די פּראָדוקטן ערגעץ אַף אן אנדער וועג, ניט צום מאַיאָנטעק.

פּישקע האָט שוין געהאַט זיך אַראָפּגעלאָזט אפן אונ־טערשטן טרעפּל און אָנגעהויבן שרייען צום מאשיניסט. נאָר דער מאָשיניסט האָט אים, פארשטייט זיך, זייער אסאַך געהערט... דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך צעפּייפט און האָט זיך צעיאָגט איבער פעלדער און וועלדער און געפירט די ווירטשאַפט־קאָמיסיע דער רועך ווייסט ווו־הין...

לערער ייסראָעל האָט זיך שוין באומרויקט:

— וואָס קאָן עס זיין?

מומע ראָכל האָט געפּרוווט פאָרויסזאָגן:

— מיסטאַמע שוין אַנטלאָפן, געכאַפּט דעם סאַמע רעכטן מאָמענט און אנטלאָפן.

און די ווירטשאַפט־קאָמיסיע, וואָס איז איצט געפאָרן ווער ווייסט וווהין?..

...און שפּעט באַנאַכט האָט זיי דער צוג געבראַכט ערגעץ אין א פרעמדער שטאָט. און דאָ האָט מען זיי

מעכילע געהייסן נעמען דעם וועג, ווייל זייערע בײַ־לעטן זיינען שוין אויסגעגאַן. און דער קאָנדוקטאָר האָט זיי אַפילע כוישעד געווען, אַז דאָס זיינען מיסטאמע דריי גאַנאווימלעך, וואָס האָבן ערגעץ צוגעשלעפּט די זעק מיט פּראָדוקטן און ווילן עס דאָ פארקויפן. נאָר גיי דערקלער אַ קאָנדוקטער, אַז דאָס איז גאָר די ווירטשאַפט־קאָמיסיע פון דעם יידישן קינדערהויז נומער 40, וואָס געפינט זיך איצט אַף דער דאַטשע אינעם מאַיאָנטעק פונעם געוועזענעם פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי!

אַף מאָרגן אינדערפרי זיינען די דריי כעוורע: אייזיק, פישקע און עליע קוים מיט צאָרעס געקומען צופאָרן אַהיים, געבראַכט אַלע פּראָדוקטן גאַנצערהייט, אַפילע קיין ברעקל ניט גערירט און...

אַף איבערמאָרגן באַטאָג האָט דער קינדערהויז נומ. 40 אויסגעווײלט די דריי כעוורע אייזיק, פישקע און עליע, וואָס האָבן פון לעכאַטכילע אָן באַשלאָסן, אַז דער קינ־דערהויז נומ. 40 וועט זיין זייער ענטגילטיקע סטאַנציע און מער קיין פּערעטיאַדקעס מאכן זיי שוין איבערגעץ ניט — פאַר ערן־מיטגלידער פונעם קינדערהיים נומער 40.

דעם לערער ייסראָעלס גרויע פאַרדייגעטע אויגן האָבן היינטיקס מאָל זייער צופרידן געשמייכלט...

# VII. די צווייטע אָבלאווע

א.

אין קינדערהויז איז געווען יאָנטעוו.

לערער ייסראָעל האָט געשטעלט מיט די קינדער אַ פּיעסע. געשפּילט האָט מען די פּיעסע ניט אױף דער בינע, נאָר אינמיטן צושויער־זאַל. ווייל קיין בינע איז ניט געווען, אָבער לערער ייסראָעל האָט דערקלערט, אַז אַזוי שפּילט מען היינט אין די גרעסטע טעאַטערס באַ מייערכאָלדן, און אַזוי וועט מען אויך שפּילן אין יידישן קינדערהויז נומ. 40.

די פּיעסע איז, עמעס, געווען אַ סימבאָלישע. זי האָט געהייסן „פֿון שווערד אַן אַקער־אייזן”, און אירע סימבאָלישע טיפּן מיט די לאַנגע בערד און שטעקשיך און מיט לאַנגע שטעקנס אין די הענט, האָבן פּראָקלאַמירט דעם שאָלעם פֿון אַלע לענדער און פֿון אַלע פעלקער, און ניט געקוקט דערויף, וואָס אַזאַ סימבאָליק פּאַסט ביכלאַל ניט צו שטעלן אַ ליַנקן טעאַטער, וואָס שפּילט אָן אַ בינע אינמיטן צושויער־זאַל, האָבן כעוורע דאָך גע־

שפילט ערנסט און אַפילע ניט גערעכט איינמיטן דער שפיל . . .

ביילקע האָט נאָך אַלץ געטאַנצט אין דער סטודיע און באַ זיך באַשלאָסן, אַז זי ווערט אַ טענצערן.

גערע האָט שוין איצט געשפילט בעטכאָווענען און באַכן, און האָט אויך באַ זיך באַשטימט, אַז ער בלייבט אַ פּיאַניסט. און אויב די מוזע וועט אים פאָלגן, וועט ער אויך זיין אַ קאָמפּאָזיטער.

עס איז, אוועק אַ רויִק לעבן אין קינדערהויז. אָן שום געשעענישן און פּערלויפעניש. דער שלאָסער־וואַר־שטאַט האָט געשניטן די אַמעריקאַנער מילך־קעסטלעך און געמאַכט פון זיי קווערטלעך אַף טיי טרינקען. בערל איז געווען דער עלצטער פון שלאָסער־וואַרשטאַט, איז ער טאָמער ארומגעגאַנגען מיט אַ קליין צווענגל אין דער האַנט, מייסע־מאַיסטער, און טאָמער האָט ער ערגעץ דערזען אַ פּרייען צוואָק אין דער וואַנט, האָט ער אים אַרויסגעשלעפּט און באַהאַלטן. עטלעכע שאָ אין טאָג האָבן אין קינדערהויז העמערלעך געקלאַפּט, עטלעכע שאָ אין טאָג האָט דער קינדערהויז גערוישט, געהובלעוועט, גע־מייסטרעוועט. אייזיק איז טאָמער אַרומגעגאַנגען מיט אַן אַרשין אין קעשענע, אַלץ געמאָסטן (ער איז געווען דער סטאַראַסטע פון סטאָלער־וואַרשטאַט). כעוורע האָבן אַלע בענקלעך און טישן פּאַריכט און אַפילע נייע געמאַכט.

עס זיינען אָנגעקומען אין קינדערהויז גרויע, רויִקע, פּאַרנומענע טעג. דער לערער ייסראָעל האָט נייע לערער

איינגעלאָדן: די מומע מאַגיען און כאַווער אבראַמען, וואָס האָבן געלערנט די קינדער מאַטעמאַטיק, ספּאָרט און געאָגראַפיע.

דאָס ספּאָרטאַקן־קעמערל האָט זיך ערנסט געגרייט צו דער אָבלאווע, וואָס דער שטאָטישער פּיאָנערן־ראַט האָט באַשלאָסן מאַכן אַף אַלע הויפּטגאַסן.

אינעם טאָג פון דער אָבלאַווע האָבן די יונגע ספּאַר־טאַקן זיך אויסגעצויגן אין אַ קייט איבער אַלע הויפּט־גאַסן און קיינעם אָן אַ שיין ניט דורכגעלאָזט ביז יענער האָט עפּעס־וואָס ניט געגעבן לעטוויוועס די דייטשישע קינדער.

ליבקנעכט־גאַס און „ערשטער־מאַי״ און זייערע אַרו־מיקע געסלעך זיינען געווען אזוי באַשאָטן מיט פּיאָנערן, אַז קיין זייטיקער מענטש האָט אָן א שיין ניט געקענט דורכגיין. אַ „וואַנקאָ״ האָט זיך באַוויזן אַפן ראָג, איז אים באַלד אַ פּיאָנער האַסטיק אַנטקעגנגעלאָפן און אַ כאַפּ געטאָן דאָס פערדל פארן צוימל.

— שטיי! פּראָפּוסק!

דער וואַנקאָ האָט זיך אַ דערשראָקענער געדרייט אַף די קאָזלעס און האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס עס טוט זיך עס אַף דער הייגטיקער וועלט, אַז שנעקעס זאָלן אים גאָר פאַרשטעלן דעם וועג. ער האָט אַפילע געפּרווט אַ פּאָכע טאָן מיט דער בייטש אינדערלופטן. האָבן אים באַלד אַרום און ארום באַשאָטן פּיאָנערן, ווי מוראַשקעס. און פונדערווייטנס האָט מען נאָר ארויסגעזען דעם פורמאַנס

קאָפּ און זיין בויד. ס׳איז טייקעף צוגעלאָפן אַ פּיאָנער׳ מיט אַ זאַמל־פּושקע און זי אונטערגעטראָג׳ן דעם וואַנקאַ אונטער דער נאָז:

— צוהילף די אָרעמע קינדער פון דייטשלאַנד!

— נו, בירגער! צי דען קען מען אזויפיל ציען פון אַ מענטשן? — אין פינאַנטדעל צאָל, טאָמער האָט זיך באַ דיר צופעליק פארלאָשן א לאַמטערן — איז ווידער צאָל. און אַז דער אויבערשטער שיקט נאָך צו אונטערפירן אומזיסט גלאַט אזוי א שיקאַרניק, צי א גאַסן־מיידל, — טאָרסטו זיך אויך ניט אָפּזאָגן.

דער וואַנקאַ האָט אָפּגעשפּיליעט דאָס אויבערשטע קנעפּל און זיין בלויען ברייטן „מאַנטאַ״ און האָט פאַרגעזעצט:

— און היינט דאָס פערד דאַרף מען זאָך האָדעווען! ס׳איז דאָך אויך אַ לעבעדיקע באַשעפעניש. און וויפל קאָסט היינט אַ פּוד האָבער, ווייסט איר? — 4 רובל. און וויפל קען מען שוין היינט אויסשלאָגן, אַז אדום דיר ווימלען טאָג און נאַכט די אווטאָנאָבוסן און אַווטאָנאָבילן, פארשאָלטן זאָלן זיי ווערן, און פון טראַמוואַיען — שוין אָפּגערעדט.

דער „וואַנקאַ״ האָט זיך אזוי צערעדט, אַז ער איז אַזש אופגעשטאַנען פון זיין געזעס און געפאָכעט מיט די הענט אינדערלופטן ווי א גרויסער רעדנער. פונדערווייטנס האָט מען גאָר געקאָנט מיינען, אַז עס שטייט גאָר א דענקמאָל, אזוי אַן ענלעכער צו גראַף באָבּרינסקען אין אַ רעגנדיקן טאָג . . .

— נו, געגוג, פעטערל, צו טײַנען, — איז אונטערגע־לאָפן א זשוואָווער יאַטל מיט קאַרע אויגעלעך, — גע־נוג, פעטערל, נעם אַ פּראָפּוסק און פאָר זיך ווײַטער דיין וועג...

דער וואַנקאָ האָט ארויסגענומען פון בוזים א מאַכאָר־קע־זעקעלע, ארויסגעשלעפּט פון דאָרט 5 קאָפּיקעס און אַריינגעוואָרפן אין דער זאַמל־פּושקע.

— נאַט, בלוטזויגערס... — און א טרייב געטאָן דאָס פערד.

— פעטערל, — האָט דאָס יאַטל מיט א דין שמייכעלע אָפּגעשטעלט דעם פורמאַן, — וואַרט, נעמט זשע א שיין, אַ ניט וועט מען אייך ווייטער ניט דורכלאָזן...

דער וואַנקאָ האָט מיט כשאַד א קוק געטאָן אַפן יאַטל און דורך די ציין א ברום געטאָן:

— פון קינדווייז אָן לערנען זיי זיך שוין ראַבעווען אַ מענטשן...

און דערנאָך האָט ער דאָס פּאָנעם צום יאַטל אויסגע־קערעוועט:

— כ׳האָב שוין אזאַ טאָכטער ווי דו, יאָ, יאָ... אַקסיושע הייסט זי, נאָר זי איז אַ שטילע, ניט פון אייער כאַפּטע איז זי...

דער פורמאן האָט באַקומען א שיין — א ווייס פּאַפּירל, אַף וועלכן עס איז געווען מיט רויטער פאַרב אָנגעדרוקט: „צוהילף די אָרעמע קינדער פון דייטשלאַנד — לאָזט דורך!" ער האָט לאַנג געקוקט אַפן פּאַפּירל און גאָרנישט ניט

פארשטאַנען. די פארב איז אים נאָענט — רויט, אָבער די אויסיעס... קיין אויסיעס האָט ער ניט געקענט לייענען...
האָט ער דאָס פאפירל אַפּן היטל אָנגעטשעפּעט, ווי אַ קאָקאַרדע, און כעוורע האָבן אים געמאַכט א וואַרע...
פיאָנערישער ליאַרעם האָ טאַלע הויפטגאַסן פארפלייצט, און פונעם גאַנצן ליאַרעם האָט מען נאָר געקענט הערן:
— צוהילף די אָרעמע קינדער פון דייטשלאַנד!
דער וואַנקאָ האָט זיך קוים געשטופּט מיט זיין פערד און דראָזשקע דורך דעם געדיכטן פיאָנערישן אוילעם. זיך געבייזערט, וואָס מע פארהאַלט אים דאָ שוין העכער אַ שאָ, ער וואָלט פאר דער צייט געקאָנט אונטערפירן עמעצן און פארדינען עפּשער א קערבל, יעדער ווײלע האָט אים אָפּגעשטעלט אַן אַנדער יאַטל און געפאָדערט בא אים אַ שיין. האָט ער געשריגן: „כ'האָב שוין". האָבן זיי ניט געגלויבט: „ווייז". האָט ער יעדער ווײלע אָנגעוויזן מיט דער האַנט אָפּן היטל: „נאַט, זעט..." און דער קינדער־שער געווימל האָט אלץ געשטיגן, מע איז ארומגעלאָפן. קיין איין מענטש אָן א שיין ניט דורכגעלאָזט. אלע פאר־בייגייער האָבן גערן מיט א שמייכל אף די ליפּן געטראָגן אַנטקעגן דאָס געלט און גיך, גיך באַקומען א פּראָפּוסק. און ווער עס האָט זיך געאַמפּערט, האָבן זיי טייקעף גע־שאַפן א קייט און אים נאָך מער פארהאַלטן, ביז יענער האָט עפּעס וואָס ניט געגעבן פאר די דייטשישע קינדער...
דער וואַנקאָ האָט זיך קוים געשטופּט מיט זיין פערד און דראָזשקע דורך דעם געדיכטן קינדערשן אוילעם און

זיך געבייזערט. דער פיאַנערישער טומל האָט זיך שפּע־
טער צעפּלאַקערט אין א הילכיק געזאַנג, וואָס האָט גע־
שניטן די לופט. כעוורע האָבן געזונגען הויך, געזונגען
געשמאַק, זייער שטים זאָל זיך צעגיסן און אַוועקשווימען
ווייט, ווייט אַהין, אויף יענער זייט גרענעץ, קיין מײַרעוו,
צו די דייטשישע כאַוויירים...

און ווען דער וואַנקאָ האָט זיך שוין געהאַט דורכגע־
שטופּט מיט זיין פּערד און דראָזשקע דורך דעם געדיכטן
פּיאַנערישן אוילעם, איז אונטער אים אַן אַווטאָמאָביל אָנ־
געפאָרן און זיך מיט זיין דראָזשקע אָנגעשטויסן:

— נו, דו, באַפריי דעם וועג...

דער וואַנקאָ האָט שוין פון קאַס אופגעהויבן די בייטש
און זי געוואָלט אראָפּלאָזן אויף עמיצנס א פּלייצע, האָט
ער פונהיינטן א קוק געטאָן און די בייטש איז באַלד פון
זיינע הענט ארויסגעפאַלן... אינעם אַווטאָמאָביל זיינען
געזעסן פיל קינדער און צווישן זיי — גאָט אלמעכטיקער!..—
זיין טאָכטער אַקסיושע...

און דער פורמאַן האָט פון קאַס א שטארקן שמיץ גע־
טאָן דעם פּערד און דער פּערד האָט זיך אויף די פאָ־
דערשטע פיס א הויב געטאָן און זיך א לאָז געטאָן גאַ־
לאָפּ איבער לאַנגער ליבקנעכט־גאַס... ער האָט פעסט
געהאַלטן די לייצעס אין די הענט, אז דאָס פּערד זאָל
כאָלילע די דראָזשקע ניט איבערקערן... און ווען דאָס
פּערד איז אַפן ברייטן פרייען פּלאַץ ארויס, האָט דער
וואַנקאָ טיף אָפּגעאָטעמט, און נאָך מיט א זיפץ:

די העט, זי האָט מען שוין אויך אריינגעגאַרט... פאַר־פאַלן!..

און פונדערוווייטנס האָט צו אים אָפּגעקלונגען דער ווי־דערקאָל פון הילכיקן פּיאָנערישן געזאַנג, וואָס האָט זיך נאָך מער צעפלאַקערט און זיך געריסן ווייט, ווייט...

בערל האָט זיך דעם טאָג אומגעקערט זייער שפּעט אַהיים, ווייל ער האָט געדאַרפט אונטערפירן סאַכאקלען וויפל עס האָט געגעבן היינטיקע אָבלאַווע. דערנאָך איז ער געקומען מיט אַקסיושען אין קינדערהויז אָפּעסן וואַ־רעמעס און איז אוועק זי באַגלייטן אַהיים. זי וווינט ווייט — נעבן דער באַלאשאָווער סטאַנציע. זיינען זיי גע־גאַנגען דורך דער באַן־ליניע, געשפּירט נאָך די לויפּנ־דיקע צוגן. דער אָוונט איז שוין ווייט פאַרגאַנגען און בערל איז אויך ווייט פאַרגאַנגען, אַזש ביז דער באַלאשאָ־ווער סטאַנציע. און כאָטש פּיאָנערן באַם געזעגענען זיך גיבן ניט איינער דעם אַנדערן די האַנט, דאָך האָט זי אים היינטיקס מאָל באַם געזעגענען זיך געגעבן די האַנט און ער האָט איר האַנט לאַנג געדריקט און געשמייכלט צו איר, און ביידע האָבן לאַנג געקוקט אף די צוגן, וואָס לויפן גיך און שעמערירן מיט זייערע גרויסע לאַמטערנס פונפאָרנט.

ב.

אַקסיושעס טאַטע איז א פורמאַן. גאַנצע טעג זיצט ער אָפּ אף די קאָזלעס און קוקט ארויס אף אַ פאַרדינסטל,

אונטערפירן עמעצן. קוקט ארויס אף יעדן פארבייגייער, טאָמער וויל ער עמעצער זיך דורכפאָרן ערגעץ... און אַז עס ווערט אים נימעס צו זיצן, קריכט ער אראָפּ פון די קאָזלעס און גייט אוועק אין א פאַרוועט מיט זיינע קאָלעגעס — ווער ווייס ווער וועט וועמען גיכער אוועקלייגן אַפן רוקן...

פארן שלאָפן כאַפּט ער טאָמעד אריין א האַלב פלעשל בראָנפן, פארבייסט מיט א זויער־ער אוגערקע און א גוטע נאַכט!

אַקסיושע איז באַ אים אַן איין און איינציקע טאָכטער. די ווייב זיינע, דאָמנע, טייַנעט, אז מע וואָלט איר שוין, אַקסיושען, געדאַרפט ערגעץ אהינטאָן, ווייל זי איז שוין אין אירע יאָרן (אַקסיושען איז 14) ניט קראַנק עפּעס צו פארדינען און ניט ארויסקוקן אַפן טאַטן... די ווייב זיינע, דאָמנע, זיצט אַ גאַנצן טאָג אין שטוב, שינדט זי פון דער טאָכטער די הויט, זי זאָל זיך צוזוכן ערגעץ ארבעט... דער מאַן סערגיי האָט עס באַמערקט, אַז זי דערקוטשעט שוין צופיל דער טאָכטער. ער האָט איינמאָל אַפילע אַזא קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש, אז דאָס געפּעס האָט אזש אָנגעהויבן ציטערן.

— בודיאַ! — האָט ער אַ געשריי געטאָן, — און זאָל איך עס מער ניט הערן...

אַקסיושען וועט איר מישפּאָכע סייַווי מער גאָרנישט ניט קענען געבן אויסער עסן (יענץ אַפילע אויך ניט שטענדיק...). זי דארף ערגעץ אוועקגיין פונדערהיים, אזוי איז קיין טאַכלעס ניט.

אָבער ווהין?

טאָמער, ווען בערל באַגעגנט זיך מיט איר אין פיאָ־גערישן „גאָרקאם", טײַנעט ער אויך וועגן דעם. ער זאָגט אַפילע איר צו, אז ער וועט זי אײַנאָרדענען בא זיך אין יידישן קינדערהויז, אויב זי וויל נאָר, אָבער ווי קאָן א רוסיש מיידל גיין אין אַ יידישן קינדערהויז? זי האָט צוגעזאָגט, אז זי וועט אַ טראַכט טאָן... זי וועט זיך עפשער באַראטן מיט די עלטערן... אָבער אַז די מאַמע האָט דערהערט, אז איר טאָכטער וויל גייען אין אַ יידישן פריוט, האָט זי די טאָכטער ביז בלוט גע־שלאָגן.

— וואו איז דאָס געהערט געווארן, אז א קריסטלעך קינד זאָל זיין אין א זשידאָווסקן פּריוּט?

בערל האָט אָפטער אָנגעהויבן פירן אקסיושען אין קינ־דערהויז. בערל זאָגט, אז זי איז א גאַנץ פיין מיידל. מע וואָלט זי אף געוויס געדארפט אײַנאָרדענען. דער לערער יישראָעל איז מאַסקים מיט בערלען. די מומע ראָכל — אויך. אָבער... ווי קאָן מען עס אריינעמען א רוסיש מיידל אין א יידישן קינדערהויז?.. זי וועט זיך דאָ פילן זייער פרעמד, זי וועט דאָ קיינעם ניט פארשטיין...

... און אין איינעם א טאָג איז אקסיושע געקומען מיט אַ קלומעקל אין דער האַנט...

— כ׳קאָן שוין מער בא מיינע עלטערן ניט זיין... די מאַמע שינדט פון מיר די הויט...

... און ווען אַקסיושע האָט אָפגעלעבט א שטיק צייט

אין קינדערהייט האָט דער לערער ייסראָעל און די מו־מע ראָכל דערזען, אז זיי האָבן א טאָעס געהאַט...
אַקסיושע האָט זיך דאַפּקע דאָ געפילט ניט שלעכט. עמעס, בערלען, גערען און אייזיקן איז אויסגעקומען זייער שווער זי לערנען יידיש, זי האָט די ערשטע צייט אויסער „קום־אַגער" גאָרניט פאַרשטאַנען און גאָרניט געקאָנט אויס־ריידן, און אַז זי האָט שוין יאָ אַרויסגעזאָגט די צוויי יידישע ווערטער, פלעג זי זיך אויך פאַרשעמען און באַ־האלטן דאָס פּאָנעם... אָבער כעוורע האָבן אקשאָנעסדיק גענומען זי לערנען יידיש.

— ברויט, — פלעג איר בערל דערקלערן, מיט אַ קיינ־דעלע, — עטאָ זנאַטשיט — כליעב — פאַרשטאַנען? און פער־זאַמ־לונג — פארגעדענק זשע, גאָיעשע קאָפּ, — פער־זאַמ־לונג — עטאָ זנאַטשיט — סאָבראַניע...

אָפּט פלעגט אפילע בערל זי אונטערשיקן צו דער מו־מע ראָכל, זי זאָל א פרעג טאָן אַף יידיש: מומע ראָכל, בערל איז א גוטער יינגל? אָבער אַז אַקסיושע האָט שוין פאַרשטאַנען דעם פשאַט „א גוטער", האָט זי שוין בער־לען אַליין מיט אַ שמייכעלע געענטפערט: — גוטער, גו־טער...

*

מע איז געגאַן אַף אַן עקסקורסיע אַפן לאָקאָמאָטיוו־זאַוואָד. בערל, אייזיק און אַקסיושע זיינען אומיסטן אָפּ־געשטאַנען, קעדיי אַריינלויפן צו איר אהיים. אַז ס'האָט זיך איר פאַרוואָלט זען מיט דער מאמען, זיך פאַרבענקט

אַביסל... אָבער אַליין האָט זי ניט געוואָלט גיין. אין דרייען איז פּריילעכער.

אַקסיושע איז געלאָפן איבער די רעלסן. זי לויפט זייער שיין איבער די רעלסן, ווי אַן עקוויליבריסטן לויפט אַף דראָט. די לאָקאָמאָטיוון האָבן ווי שטענדיק געהודעט און מיט זייער רויך פאַרנעפּלט דעם גאַנצן אַרום.

אין שטוב זיינען אַלע דריי גלייך אַריינגעלאָפן און אַקסיושע האָט ניטווילנדיק אַף יידיש אויסגעשריען:

— גוטמאָרגן, מאַמע...

די מוטער, וואָס האָט בעשאַס־מייַסע געוואַשן גרעט, האָט דאָס שטיקל זייף פון די הענט ארויסגעלאָזט און געבליבן שטיין מיט א צעעפנט מויל.

— וואָס, זיי האָבן דיך שוין זייער לאָשן אויסגעלערנט?— האָט די מאַמע דורך די ציין אַ קריץ געטאָן...— און, אויסוואָרפן...

און מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דער שמועס צווישן דער טאָכטער מיט דער מאַמען, ווייל מער האָט די מאַ־מע מיט דער טאָכטער נישט געוואָלט ריידן און אַקסיושע האָט צו די יינגלעך אף האַלב־יידיש און האלב־רוסיש אַ זאָג געטאָן:

— פּאָשלי, כעוורע, מיר זיינען, דאַכט זיך אַף אַן עק־סקורסיע געגאַנגען...

און אַרויסגעלאָפן...

אַף מאָרגן איז איר מאַמע אין קינדערהויז געקר־מען:

— ווער איז דאָ דער גלאַזונער ?
— איך (לערער ייסראָעל).
— איז אָט, ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז יידן זאָלן אַ קריסטלעך קינד אין זייער מישפּאָכע אַריינציען, ס'איז דאָך... פאַרוואָס האָט מען מיך ניט געפרעגט?..
— זי איז אַליין געקומען.
— נו, נו לייגט מיר נאָר ניט אין די אויגן...
— אקסיושע, ווו ביסטו דאָרט?.. קום נאָר אַהער.
— אָט בין איך, לערער ייסראָעל, וואָס איז דען?..
צוגעלאָפן.
— די מאַמע?!.
— אָט, אַקסיושע, דיין מאַמע קלאָגט זיך אף אונדז, זי זאָגט, אַז מיר האָבן דיך מיט געוואַלד אהער פאַרשלעפּט...
— זאָל זי ניט לייגן, כאָטש זי איז מיר אַ מאַמע...
אַליין האָט זי פון מיר געשוונדן די הויט...
און מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט די צווייטע באַגעגעניש פון דער מאַמען מיט דער טאָכטער. וויל מער האָט די טאָכטער מיט דער מאַמען נישט געוואָלט ריידן און די מוטער האָט פון קאַעס א שטאַרקן זעץ געטאָן מיט דער טיר און אירע ווערטער האָבן פון שוועל אין שטוב אָפּגעהילט: — אַן אָבלאַווע. — האָבן זיי אף דער טאָכטער געמאַכט, די זשידעס!..
אקסיושע האָט זיך זייער גוט איינגעלעבט אינעם יידישן קינדערהויז נומער 40. באַזונדערס האָט זי

זיך צונויפגעכאָוועט מיט בערלען, גערען און איזיקן.
די מומע ראָכל האָט שוין אַפילו אָפּט מיט די אויגן געשמייכלט:

— אַ גאַנצע אַבלאַווע, האָבן די יינגלעך אויף איר געמאַכט...

# VII. די ערשטע פרייד און די לעצטע ווייען

א.

ס׳איז געווען א האַלבע נאַכט. לערער ייסראָעל איז געזעסן מיט א צעכראסטעט העמדל און זיינע גרויע אויגן האָבן געקוקט אַפן פאַרשנייטן פענצטער. די נאַכט איז געווען אַ ווייסע, אַ שטילע און דער פראָסט האָט פאַרקאָוועט דעם קינד׳ערהיים אין שניי און אין ווייסן כאשכעס...

דאָס הויז שלאָפט, נאָר ער איינער זיצט אין האַלבער נאַכט און בלעטערט דורך אין געדאַנק די גאַנצע געשיכטע פון קינדערהויז, פון די ערשטע ווינטער־נעכט ביז איצט, באַטראַכט יעדן איינעם: בערלען, גערען, פישקען און נאָך און נאָך...

די טעג האָט אים איינער פון די כעוורע אַ פרעג געטאָן:

— לערער ייסראָעל, ביזוואַנען וועלן מיר נאָך זיין אין קינדערהויז, האַ?

וואָס האָט ער אים דען געקענט ענטפערן ?.. יאָ, דער געדאַנק עקבערט אים שוין פונלאַנג... און איצט זיצט ער, דער טאַטע פון הונדערט נעפאַשעס, מיט אַ צעכראַסטעטע העמדל, קוקט אַפן פאַרשנייטן פענצטער און טראַכט:

— ביזוואַנען ?..

מע האָט אים צוגעזאָגט, אַז מע וועט אין דעם היגן שטאַמפּן־וואַרשטאַט צונעמען פופצן יינגלעך. פליט איצט דער צוזאָג ארום איבערן צימער ווי אַ פריילעכע מעווע און פלאַטערט מיט די פליגל אַף „יאָ"... מע זאָגט אים צו... לערער־ייסראָעל האָט נעכטן צוויי שאָ נאָכאַנאַנד געוואַרט אין קרייזבילד אַף לעוומאַנען, ער זאָל אים געבן אַן ענטפער, יאָ צי ניין... מאָרגן וועט ער נאָכאַמאָל צוגיין. די מיידלעך האָט מען אויך צוגעזאָגט איינצואָרדענען אין אַ ניי־שול, נאָר דערוויל עקבערט נאָך זיין מויעך איין געדאַנק:

— ביזוואַנען וועלן מיר נאָך זיין אין קינדערהויז, האָ ?

זיינע וויעס קלעפּן זיך שוין. אין אַ האַלבער שאָ ארום וועט דער פּאַרפּרי, אַ קרעפּטיקער, פּראָסטיקער פּאַרפּרי, אָנקלאַפּן אים אין פענצטער, און אים אופוועקן, זיך אדורכגיין אַ קוק טאָן, ווי שלאָפן דאָרט די כעוורע.

*

אַז די יעדיע וועגן שטאַמפּן־וואַרשטאַט איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, איז דער קינדערהויז געגאַן כאָדאָראָם. דאָס הויז האָט זיך באַלד צעטיילט אף צוויי לאַגערן:

אַרבעטער און „פּאַראַזיטן”. די עלטערע ייִנגלעך, וואָס האָבן אָנגעהויבן ארבעטן אין שטאַמפּן־וואַרשטאַט האָבן גענומען פאָדערן מער אָפּשײַ צו זיך. און טאָמער עפּעס־וואָס, גלייך פאָרגעוואָרפן:

— דו האָרעווע אַ גאַנצן טאָג ווי אַ לייב, און זיי!..

לערער ייסראָעל איז זייער געווען צום האַרצן זען, ווי כעוורע קומען פון דער אַרבעט ערנסטע, מיט פאַרשווארצטע הענט, אָבער ס'איז אים אויך געווען זייער ניט אײַנגענעם, וואָס די מיידלעך אַרבעטן נאָך ניט, וואָרום ער האָט געפילט, אַז מיט דעם אַליין שפּאַלט זיך אביסל די אײַניקייט פונעם קינדערהויז. און די מיידלעך האָבן אים אויך ניט צורו געלאָזט:

— לערער ייסראָעל, ווען וועלן מיר שוין אויך אָנהויבן אַרבעטן?.. אַבי איר זאָגט אונדז נאָר צו, יאָ!..

נאָר גייט דערקלערט זיי, אַז מע זאָגט אים אויך נאָר צו... ער האָט שוין צוואַנציק מאָל אָפּגעקלאפּט די שוועלן פון קרייזבילד און „פּאָמדעט”, און ער איז זיי שוין אַפילע פריקרע געוואָרן איבער דעם...

— כאַווער, וואָס קומט איר צו אונדז יעדן טאָג?.. אַז עס וועט זיין די ערשטע מעגלעכקייט, וועלן מיר אייך געבן צו וויסן.

ב.

פיר כעוורע: בערל, אייזיק, פישקע און עלי זיינען אַרויס פון זייער וואַרשטאַט און אוועק שפּאַצירן איבער

דער הויפּשטאָט. די גאַסן האָבן גערוישט, באַ יעדער וויט־רינע זיי אָפּגעשטעלט. די פיר כעוורע האָבן אַף יעדער וויטרינע די אויגן אויסגעגלאָצט: געפּרעגלט כאַזער־פליישׁ, רויטער ווײַן, מאָדנע קאַשקעטן, שפּיציקע שיך,— זײַנען געשוווּמען פאַרבײַ זיי און גערייצט... איינער האָט אַ זאָג געטאָן:

— כעוורע... די ערשטע פּאָלוטשקע דאַרפן מיר באַ־נעצן, ווי עס באַדאַרף צו זײַן... די איבעריקע דרײַ האָבן געשמייכלט און יעדער פון זיי האָט אַרויסגענומען פון די קעשענעס דעם ערשטן געהאַלט און געקוויקט זיך מיטן געלט, ווי אַ מוטער מיט איר ערשטן קינד... דערנאָך זײַנען זיי אַלע פיר אַרײַן אין א קראָם און איינער פון זיי האָט זיך געווענדט צום פאַרקויפער:

— בראָנפן איז באַ אייך פאַראַן?

— נאָר צו גאַנצע בוטלעך פאַרקויפן מיר.

— נעמען מיר, הייסט עס, אַ גאַנצע פלאַש? — האָט איינער צו די איבעריקע א שמייכל געטאָן. און זיי האָבן אים אָפּגעענטפערט מיט א ווונק אַף „יאָ".

די פיר כעוורע האָבן זיך אומגעקערט אהיים שיקערע און שטאַרק אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר. לערער ייסראָעל איז אַ צעקאַסטער צוגעלאָפן און זיך צוגעהערט א ווײַלע: גראָבע זידל־ווערטער זײַנען אים געפלויגן אין קאָפּ אַרײַן, ווי שווערע שטיינער... ער האָט האַסטיק אַ עפן געטאָן די טיר. פיר כעוורע: אייזיק, פישקע, בערל און עלי זײַ־נען געבליבן פאַרשטיינט אַפן אָרט. לערער ייסראָעל

איז געשטאַנען אַנטקעגן זיי און שווייגנדיקערהייט זיי גע־
שטאָכן מיט זיינע גרויע אנגעצונדענע אויגן...

אַף מאָרגן (זונטיק איז עס געווען) האָט לערער ייס־
ראָעל אליין צונויפגערופן אן עקסטרע פארזאַמלונג. די
פיר באַשולדיקטע זיינען געזעסן אויבנאָן. ער האָט גע־
זאָגט:

— כעוורע, איך מוז אייך אָנזאָגן ניט קיין פריידיקע
בסורע... פיר אונדזערע דערצויגענע האָבן נעכטן ארופ־
געלייגט אַ מיעסן פלעק אַפן גאַנצן קינדערהייז. די פאַר־
זאַמלונג דאַרף דעם פלעק טייקעף אָפּווישן. וואָרום דער
פלעק ליגט אף יעדערן פון אייך, יאָ!

און דער „פלעק" האָט ארומגעשוועבט איבערן לאַנגן
זאַל, ווי א גרויסער מעכטיקער אָדלער...

לערער ייסראָעל האָט פארגעזעצט:

— פיר אונדזערע דערצויגענע: בערל, פישקע, אייזיק
און עלי האָבן באקומענדיק זייער ערשטן געהאַלט זיך
אָנגעשיקערט, און ווי כוליגאנעס ארומגעגאַן איבער דער
גאס און געוואָרפן אַף יעדן פאַרבייגייער די סאמע גראָבע
און מיעסע זידלווערטער... די פאַרזאַמלונג דאַרף שוין
רעאַגירן אף דעם! שוין, די רעגע!

די פאַרזאַמלונג איז דורך שטורמיש.

פיר פענעמער האָבן געסארפעט פאַר אלעמען אין
די אויגן. די גאַנצע פאַרזאמלונג האָט געזעען, ווי פיר
פענעמער פלאַקערן און אָט־אָט רייסן זיי זיך באַלד אוף
ווי אַ קויל...

די פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן:

„אויסהענגען די נעמען פון די פיר כעוורע אַף דער שוואַרצער ברעט און איבערגעבן עס אין רײַקאָם פון קאָמיוג".

און דער „פלעק" האָט נאָך לאַנג ארומגעשוועבט אי־בערן קינדערהויז, און געשראָקען די דערצויגענע... און דער פלעק איז געווען די ערשטע פרייד פון די פיר דערצויגענע: בערל, אייזיק, פישקע און עלי. און דער לעצטער ווי פונעם גאַנצן קינדער־קאָלעקטיוו נומער 40.

... און אין אַ שטיק צייט אַרום האָט דער לערער יישראָעל, ווי א לייכטע טויב געבראַכט אינעם שנאָבל די יעדיע, אז די מיידלעך האָט מען אָנגענומען אין דער ניי־שול...

און ס'האָבן „כאדאָשים געצוועלפט זיך" און געשטיגן בארג ארויף...

# XI. לעצטער קאַפּיטל

א נײַ פּאָרהענגל פֿארהויבן מיר:

אין פֿאבריק־קלוב. א געדיכטער פּאַפּיראָסן־רויך שלענגלט זיך צו דער סטעליע, ווי ער וואָלט געוואָלט, דער רויך, די סטעליע דורכשפּאַרן און אַוועקשווימען פֿון דאַנען. אין זאַל איז דושנע און שווייסיק. אז איר וועט א קוק טאן פֿון אויבן אראָפּ, וועט איר זען קעפּ. טשר־באטע, פּאטלאטע. א גרויסע כוואַליע פֿון קעפּ שווימט איבערן ענגן פֿאַבריק־קלוב, שווימט צו דער בימע און גלייך אפֿן פּאָרזיצער. און דער פּאָרזיצער איז גערע. און די פֿאַרזאמלונג איז א קאָמיוגישע, א ברויזיקע און א איילנדיקע, ווייל איצט איז א איבערייס, און דער הודאָק קאָן באַלד אינמיטן די רייד איבעררייסן. בערל שרייט:

— כאַווײַרים, שטילער!..

און גערע קלינגט!..

— כאַווײַרים, האָט געדולט... נאָך א פּאָר לויפנדיקע פֿראַגן... נאָר די לעצטע ווערטער פֿונעם פּאָרטרעגער אַנטלויפֿן שוין צוזאַמען מיטן געדיכטן פּאַפּיראָסן־רויך.

... — כאַווײַרים... אָדער נעמט אזא מין יאט ווי כאַוועד בערל. א ווילער קאָמיוגיסט, עמעס ? איז שלעפּט ער זיך טאָמעד ארום עפּעס מיט א פוסטער באַלערינע און טוט זייער ווייניק־וואָס פאַרן קע־מערל...

און דער פּאָטראַג איז געענדיקט. נאָר גערע קלינגט, וויל איבערשרייען דעם טומלענדיקן אוילעם... ער איז געצוווּנגען נעמען א וואָרט פּאַר א „ספּראַווקע״, זייער א וויכטיקע ספּראַווקע, אניט קען זיך באַם אוילעם באַ־קומען ניט קיין ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגן אָט דער פוסטער באַלערינע, וואָס מע האָט דאָ דערמאַנט. און גערע קלינגט:

— כאַווײַרים, האָט געדולד... נאָך א פּאָר געציילטע ווערטער... בערל דרייט זיך ניט ארום מיט קיין פוסטע באַלערינעס, ווי מע האָט דאָ דערמאנט, ס׳איז ניט עמעס... דאָס איז פונעם יידישן קינדערהויז נומער 40, וו מיר האָבן צוזאַמען געוווינט — ביילקע דינאָר... זי איז פונקט אזאַ קאָמסאָמאָלקע, ווי אַלע, נאָר איר שטייט באַ דער מאַשין, און זי לערנט זיך טאַנצן...

נאָר דער אוילעם הערט שוין ניט... דאָס פייפן פון הודאָק האָט געגרען אינמיטן די רייד איבערגעריסן און אין זאל איז גלייך פוסט געוואָרן, דער געדיכטער פּאַפּי־ראָסן־רויך האָט דאָ איינער אליין ארומגעשוועבט און אַלץ צו דער סטעליע געשפּאַרט... מע איז זיך אלע צעלאָפן איבערן לאַנגן פאַבריק־הויף, יעדערער אין זיין

צעך זיך געאיילט, געשפרונגען אָפּן וועג איבער די זעק מיט שמאַטעס און צו זיך אין צעך געלאָפן.

בערל איז אריין אין צעך. דער „סעליפאקטאָר" האָט שוין ראַשיק בעשפּאצירט איבער די רעלסן הין און צו־ריק, אסאַך ברוינע פעדים אויסגעצויגן, בליצשנעל זיי געדרייט, הארט געמאַכט און אַף שפּולקעס געוויקלט. בערל איז טריי נאָכגעגאַנגען דעם סעליפאקטער און גע־שפּירט, אז קיין איין פעדימל זאָל זיך ניט צעררייסן, און טאָמער האָט זיך עס יאָ איבערגעריסן, האָט ער גיך די צוויי צעריסענע עקן צונויפגעדרייט און ווידער נאָכגע־שפּאַנט נאָך דער מאַשין. דער סעליפאקטער האָט גערוישט און די עטלעכע מייעס פעדים, וואָס האָבן זיך איבער דער מאַשין געצויגן, האָבן זיך אין בערלס אויגן צונויפ־געגאָסן אין א ברוינער כוואַליע. און די כוואַליע איז גלאַנציק, נאָר ניט דורכזיכטיק.

און פּלוצים האָט זיך די ברויניקע כוואַליע צעבושע־וועט און אָנגעהויבן שימערירן באַ אים פאַר די אויגן, און וויקלען א לאַנגן פאָדים פון ערינערונגען פון זיין לעבן אַף דער גאַס און אין יידישן קינדערהויז נומ. 40 ... און עס האָט זיך אים דערמאַנט.

„... זומער. דער קינדערהויז האָט דאַן געלעבט אינעם מאַיאָנטעק פונעם געוועזענעם פירשט סוויאטאָפּאָלק־מיר־סקי. ער איז דאַן געלעגן אין סאָד און געלייענט א בוך. פּלוצים האָט ער דערפילט, אַז עס טוט אים שטאַרק ווי צווישן די פיס. עפּעס האָט אים ווי א צווענג א שטיק

פלייש ביז ווייטעק איינגעקלעמט, און ער קאָן זיך פון אָרט ניט רירן... איז ער אַוועקגעלאָפן גיך אַהיים און גלייך צו דער מומע ראָכלען:

— מומע ראָכל, עפּעס טוט מיר אָט אָ דאָ זייער שטאַרק וויי, אז איך קאָן מער ניט אויסהאַלטן...

— אַנו, בערל, גיב נאָר א קוק טאָן...

— ...

— נו, וואָס זשע שעמסטו זיך, נאַרעש ייִנגל וואָס דו ביסט... אז עס טוט וויי, שעמט מען זיך פאַר גאָר־ניט...

און ווען די מומע ראָכל האָט דערזען וואָס עס טוט אים וויי, איז באַלד אין כאלאָשעס שיר געפאַלן.

— אוי, א קליעשטש!..

די מיידלעך האָבן זיך באַלד דערוווּסט וועגן דעם, (ביילקע די ערשטע) און גענומען קלאָגן. און די מומע ראָכל איז בלאס געוואָרן ווי די וואנט. מע האָט בערלען טייקעף אַף א בעט אנידערגעלייגט און די מומע ראָכל האָט גענומען שלעפן דעם מילב מיט די נעגל, נאָר די מילב האָט זיך מיט אירע שטעכיקע פיסלעך אין זיין לייב איינגעקלעמערט, טיף איינגעקלעמערט... און א מילב אז מע צעשניידט אפילע אף דער העלפט, בלייבט עס לעבן און קריכט ווייטער אין לייב... האָט די מומע ראָכל גענומען גריזשען דעם קליעשטש מיט די ציין, גריזשעט אָט דאָס קליין כאַיעלע, וואָס דראָט בערלען מיט ווייטאָק... ער שרייט, קוויטשעט, די מיידלעך באַוויינען

אים שוין לעבעדיקערהייט און די מומע ראָכל איז אויַ־
סער זיך געוואָרן, בייסט מיט די ציין דעם מילב... און
גערע שרייט, קריצט מיט די ציין, אַף אַלעמען אן איימע
אָנגעוואָרפן... און אַז די מומע ראָכל האָט שוין דעם
מילב אַף פיצ־פיצלעך מיט די ציין צעדריבלט, בערלען
די הויט צעבלוטיקט, האָט זי זיך אביסל בארויִקט,
אריינגעלאָפן צו זיך אין צימער און א פאַרכאלעשטע
זיך אין בעט אריינגעוואָרפן... נאָך איין האָר און
די מילב, אָט דאָס קליין, דאַכט זיך, אומבאַמערק־
לעך כאיעלע, קריכט אריין אינגאַנצן צו אים אין לייב
און דאַן דאַרף מען אים טייקעף פירן מאכן אַן אָפעראַציע.
און ווער ווייסט צי ער וואָלט די אָפעראַציע אויסגעהאַלטן,
ס'איז דאָך אין אַזאַ געפערלעך אָרט..."

אָט די דערמאנונג האָט בערלען איצט א מאָדנע שטי־
מונג באַשאַפן. די מומע ראָכל איז דאן נאָך טרייער פאַר
א מוטער געווען. און מיט וואָס האָט ער איר באַדאַנקט
דערפאַר? ער האָט איר כאָטש פאַר דער לעצטער צייט
א בריוועלע אָנגעשריבן?..

און ווען ער איז נאָך דער ארבעט א מידער אהיים
געקומען, האָט שוין אין שטוב ביילקע געוואַרט אַף אים.
זי איז געלעגן אַף זיין בעטל און געדרימלט. האָט
ער זיך באַלד באַם טיש געזעצט און גענומען שרייבן
א בריוו דער מומע ראָכל מיטן לערער ייסראָעל, ווי
ער וואָלט גאָר ביילקען אינגאַנצן ניט באַמערקט (ווייל
דאָס וויפלטע מאָל, אז ביילקע דרימלט איין אַף זיין

בעטל?.. דאָס וויפלטע מאָל, אַז ווען ער קומט פון דער אַרבעט טרעפט ער אפן טיש הייסע טיי מיט א צעטעלע:

„בערונטשיק! כ׳האָב אופגעזאָטן אָף דיין פרימוס טיי און בין אַוועק עפעס קויפן צו דער טיי...

— ביילקע״.

און שרייבן דעם בריוו איז אים אויסגעקומען זייער שווער. עס האָט זיך בא אים אַליך ניט באַקומען דאָס וואָס ער האָט געוואָלט שרייבן. די דערמאנונג, וואָס איז אים היינט אופגעשוואומען בעשאַס דער ארבעט איז שטארקער פאַר אַליך, וואָס ער קאָן איר אָנשרייבן. און ער האָט לאַנג פארטיפט און ערנסט געטראַכט, ביז ער האָט אָנגעהויבן:

„טייערע כאַוויירים מומע ראָכל און לערער ייס־ראָעל! עס האָט זיך מיר היינט דערמאַנט די מייַסע מיטן קליעשטש... עך, ס׳ארא שוידערלעכע זאַך... נאָר, מומע ראָכל, ערשט איצט, נאָך אַלעמען האָב איך אייך ליבער געקראָגן, נאָך שטאַרקער פון א מאַמען... אייער בערל״.

און ער האָט אליין נאָכאמאָל דאָס בריוול איבערגע־לייענט און ניט געוווסט, זיך געוואקלט, צי וועט ער עס שיקן, צי ניט... יאָ, ביילקע איז דאָך דאָ... ער איז צוגעלאָפן צום בעט:

— ביילקע, שטיי נאָר אוף, קום אַהער, כ׳וויל דיר

איבערלייענען א בריוול, וואָס איך שיק צו דער מומע ראָכל.

— זיך דערמאָנט... — האָט זי זיך הילכיק צעלאַכט, נאָר באלד פלוצים אַנטשוויגן געוואָרן... דאָס קורץ בריוול האט איר אויך עפּעס אין וואָס דערמאָנט פון קינדערהויז... דעם לערער ייסראָעלס רונדער פּאָ־נעם מיט די גרויע אויגן איז פאַר איר דורכגעשוואומען און זי האָט זיך עפּעס אינסטינקטיוו פארשעמט און האָט זיך אַף דער בעט אנידערגעלייגט, דעם פּאָנעם אין קישן באַהאלטן... און בעשאַס זי האָט געהאַלטן דעם פּאָנעם אין קישן, זיינען אירע אויגן געווען צוגעמאַכט. און אין דער טונקלקייט האָט זי זיך אין קינדערהויז דערזען, און דער נאָך דער מאמעס אויסגעקרימטן פּאָנעם, וואָס איז שטענדיק גרייט אויסצוזידלען מיט די סאַמע גראָבע און מיעסטע ווערטער אלעמען, און נאָכמער איצט איר טאָכטער ביילקען, וואָס האָט די לעצטע צייט אופגעהערט אַפילע ריידן מיט איר און איר אנגעהויבן פאָרווארפן, לעמיַ זי גייט ארום שנאָרען, און גייט ניט אין מוי־שעוו־זקיינים.

— אָט האָסטו דיר!... שטיי אוף, ביילקע, לאָמיר בעסער איניינעם זיי אָנשרייבן א קאָלעקטיוו בריוול און אַלץ באַאריכעסדיק, וואָס עס איז געוואָרן פון אונדזערע דערצויגענע און זאָלן זיי קלייבן נאַכעס...

און ביילקע איז אופגעשטאַנען פון בעט, זיך עטוואָס פארויסלט פאר אים, דערנאָך זיך צעשמייכלט:

— לאָמיר אָנשרייבן...

„טייערע כאַוויירים, לערער ייסראָעל און מומע ראָכל!
מיר האָבן נאָך אין אייך ניט פאַרגעסן... איך קאָן אייך שרייבן, אז ערשטנס זיינען שוין קימאַט אלע פון אונדזערע דערצויגענע איינגעאָרדנט אף די פאַבריקן און זאַוואָדן. איך מיט גערען ארבעטן אף איין פאַבריק. ער איז זייער א ווילער יאַט געווארן, אַן אַקטיוויסט א גאַנצער. אַלע אַרבעטער האָבן אים זייער ליב. ער איז געוואָרן אַזא ברענענדיקער אַקטיוויסט, אז ער האָט אַפילע קיין צייט ניט זיך אָפּגאָלן... עפשער וועט עס פאַר אייך ניט זיין אַזא פריידיקע בסורע, וואָס ער האָט געוואָרפן די קאָנסערוואַטאָריע און איז אוועק ארבעטן אַף אַ פאַבריק. ער ווייסט, זאָגט ער, איר וועט זיך דערפאַר זייער בייזערן אף אים, אָבער אים איז דאָרט געווען אין קאָנסערוואַטאָריע זייער אומעטיק און נודנע... טאָמעד אָנגעפארבטע ליפעלעך, לאַקירטע נעגל און צעפעלעך ביז די קני... האָט ער אויסגעקליבן אַן אַנדער וועג... איר האָט טאַקע פיל געהאָפט און געווארט, אז ער זאָל ווערן אַ מוזיקער... מיילע, וועט שוין אַן אַנדערער שפּילן... איסאַקן זע איך זייער זעלטן, נאר איך וויס, אז ער איז אַ ווילער באכער געווארן, ארבעט ערגעץ אף א זאַוואָד, דאַכט זיך, אַ מאָדעלשטשיק. נו, און ייסראָלעק? איז ער איצט געווארן גראָב און געזונט ווי א בופלאַקס... עסט אוף דריי פונט ברויט א טאָג... נאר דערפאַר, זאָגט מען, איז ער באַ זיי אַפּן זאַוואָד דער בעסטער קאָ-

טעלשטשיק און יאָגט זדעלגע אף וואָס די וועלט שטייט!
און ביילקען זע איך דערפאַר זייער אָפּט... אָט זיצט
זי איצט באַ מיר אין שטוב און בעט כ׳זאָל אייך איבער־
געבן א הייסן גרוס. כ׳וועל אייך אינגיכן צושיקן אַ קאַרטע,
וו בערל זיצט מיט אַ באַלערינע ארומגענומען... האָ!
ביילקע האָט שוין איצט גרויסע דערפאָלגן...

בערל״.

— נו. מיילע, שיק! — האָט ביילקע מיט א דריבנעם
שמייכל אַ זאָג געטאָן און בערלען פון אָרט א שלעפּ
געטאָן:

— קום, בערל, זיך דורכשפּאַצירן אביסל אין גאַס!
וואָסטו זיצן אין שטוב?

ביילקע האָט אף גיך ארופגעכאַפּט אף זיך דעם מאַנטל
און אים נאָך זיך געצויגן:

— קום־קום, בערונטשיק...

... און אינדרויסן האָט אַ גרייפלדיקער שניי געשאָטן
און זילבערנע שפּרינקעלעך אויסגעלייגט אף זייערע ביי־
דעמענס קעפּ...

די הויפּטשטאָט האָט צעוואָרפן העלן שיין אף יעדן
טראָט. זיי האָבן ביידע געשפּאַצירט, געשמועסט, גע־
ווערטלט זיך און בעשאַס מייַסע געכאַפּט מיט די הענט
פּאַלנדיקע שניי־שטערנדלעך... פּלוצים האָט בערל דער־
פילט א פרעמדע האַנט אף זיין פּלייצע. עמעצער האָט
אים אָפּגערופן. ער האָט זיך אומגעקוקט, איז אנטקעגן
אים געשטאַנען א נידעריק באָכערל אין א קורץ צעריסן

מאַנטעלע איבערגעקערעוועט אַף דער לינקער זייט, און אַן אַ היטל.

— די אויגן זיינען דיר מיסטאָמע אויסגעקראָכן, האַ?

דאָס איז יאַשקע קרוין, בערלס אַמאָליקער גוטער־ברודער.

— אַ! דער רוח זאָל דיך נעמען, ווי קומסטו אַהער?

— מיטן באַן!

— אַזוי גאָר? נו, וואָס זשע מאַכסטו?

— זעסט דאָך...

און אָט דער קאַלטבלוטיקער „זעסט דאָך" האָט בערלען דערמאָנט אין אַסאַך זיינע כאַטאָים און פארלויפעניש, וואָס האָבן אַף אים איצט אין דער רעגע אַן איימע אָנגעוואָרפן. ער האָט געקוקט אַף יאָשקען, אים באַטראַכט א ווײַלע און אויסגעקומען איז עס, אז ער האָט אין יאָשקען זיך דערזען, זיך, דעם אַמאָליקן...

— נו, וואָס זשע רעכנסטו איצטער טאָן?

נאר דער ענטפער איז טייקעף פארשוואונדן געוואָרן אינעם רוישיקן געווימל פון דער הויפּט־גאַס.

— בערל, לאָמיר גיין! — איז ביילקע צוגעגאַן.

— וואַרט, איך האָב דאָ באַגעגנט אן אינטערעסאַנטן פּאַרשוין, מיינעם אַן אמאָליקן כאַווער, איז ער פלוצים נעלעם געוואָרן.

... יאָשקען האָט מען געשלעפּט אין ראַיאָן:

— ווו האָסטו אחיגגעטאָן די זאַכן? — האָט אים איינער פעסט געשלעפּט בא אַ האַנט.

— וואָס פאר א זאַכן?

— מיר קענען אייך די נעבעכלעך... יאָ, יאָ!

בערל איז זיי נאָכגעגאַנגען. אין ראַיאָן האָט מען אים אָבער ניט געוואָלט ארייַנלאָזן.

— און איר וואָס דאַרפט?

— איך בין אַן איידעס. — האָט ער אָפּגעהאַקט און מיט די עלנבויגנס זיך דורכגעשטופּט.

באַם טיש איז געזעסן א הויכער מענטש מיט אַ פּיר־קאַנטיק בערדל, ווי א קוואַדראַט, און געל־ברוינע אָנגע־גאָסענע אויגלעך (געניטע צוויי פּיקסלעך), וואָס האָבן זיך שוין ניט בא איינעם אין האַרצן געגריבלט. זיין קאָל איז געווען הויך און שארף, ווי א מעסער.

— דערציילט! — האָט ער זיך געווענדט צום בירגער, וואָס האָט געבראכט צו שלעפּן יאָשקען.

— ... פאָריקע נאַכט איז באַ מיר פארפאַלן געוואָרן אַסאך שטוב־זאַכן. דאָס איז זיין ארבעט. — האָט ער א טייטל געטאָן אף יאָשקען. מיין פרוי האָט אים אינדערפרי באַגעגנט אַפן מאַרק, ווען ער האָט עס פארקויפט.

די צוויי געל־ברוינע אָנגעגאָסענע אויגלעך האָבן אויס־געשאָסן אין יאָשקען:

— דו האָסט געגאַנוועט?

— ניין.

— גוט. — האָט זיך דאָס פּירקאַנטיק בערדל אַ נויג

געטאָן צום בירגער, — איר זייט פריי! און דו (צו יאָש־קען) בלייבסט דאָ! און וואָס ט'איר זאָגן? (צו בערלען).

— גארנישט... איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן דעם גוירל פונעם כאַווער...

— נאָכן געריכט וועט איר עס קענען וויסן.

— המ... איך וואָלט עס נאָך געוואָלט וויסן פאַרן געריכט...

די צוויי געניטע פיקסלעך האָבן זיך א ריס געטאָן אַף בערלען:

— אייערע דאָקומענטן, כאַווער?

בערל האָט זיך א כאַפּ געטאָן פאר דער קעשענע, נאָר זיין האַנט האָט זיך טייקעף ארויסגעגליטשעט פון דאָרט אַ ליידיקע:

— ליידער האָב איך זיי איצט ניט מיטגענומען...

אַ קורצער נאר א שאַרפער באַפעל האָט אָפּגעהילכט צום מיליציאָנער:

— פירט זייביידן אָפּ אָן אין יענעם צימער!

— דערלויבט, — האָט זיך בערל פארוווּנדערט און דערשראָקן א כאַפּ געטאָן. — מיט וואָס פאר א רעכט?

דער מיליציע־שעף האָט אָנשטאָט אַן ענטפער א כאַפּ געטאָן פון שאַפע א פאַפקע מיט פאַפירן, איינגעגראָבן זיינע אויגן אין די אויסגעשריבענע בויגנס און איינצייטיק ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון בערלען. און ווען ער האָט שוין געפונען דאָס נויטיקע, האָט אַ דריבנע געלעכטערל זיך דורכגעגליטשעט אף זיין קוואדראַט בערדל:

— מיט וואָס פאַר א רעכט פרעגסטו? נאַ, קאָנסט לייע־נען?..

און בערל האָט דערזען צעלייגט אפן טיש די אלטע קאָרטן. אַלע זיינע אַמאָליקע כאַטאָים האָבן איצט אופ־געשווומען אַף די גרויסע בויגנס אויסגעשריבענע פּאַפּיר, וואָס דער מיליציע־שעף האָט אויסגעזוכט:

„... צוויי פּאַרוואָרלאָזטע: בערל זיאַבקאָ און יאָשקע קרוין זיינען פּאָריקע נאַכט אַף קאַצאַרסקער גאַס באַ־פאַלן מיט מעסערס דעם בירגער זאַלצמאַן, אָפּגענומען באַ אים 50 רובל און האָבן מיט געוואַלד אויסגעטאָן פון אים די אויבערשטע מאַלבושים...״

בערל איז געבליבן געפּלעפט. דער קורצער נאָר שאַר־פער באַפּעל פונעם שעף האָט שוין איצט צום צווייטן מאָל זיכער און אָפּגעהאַקטער אָפּגעקלונגען:

— פירט זיי ביידן אָפּ אין אָט יענעם צימער!

— כאַווער נאַטשאַלניק, — האָט בערל געשטאַמלט...— יאָ, דאָס זיינען טאַקע מיינע זינד, אָבער אַמאָליקע... איך דאַרף דאָך מאָרגן פרי גיין צו דער ארבעט...

— נישקאָשע... וועסטו א פּאָר טעג דורכלאָזן...

— ריר איך זיך ניט פון אָרט! איר פאַרשטייט?! — האָט זיך באַ בערלען דאָס בלוט צעיאָגט אין אלע אייווו־רים. — איר פאַרשטייט?!

— אַללאָ! — האָט דער שעף זיך צעקאָסט און זיינע צוויי געניטע פיקסלעך זיינען געשפּרונגען אַף בערלס גע־זיכט, — אַללאָ!.. טעקסטיל־פאַבריק? יאָ? ס׳רעדט דער

מילִיציע־שעף! איר הערט? אַלְלאָ! באַ אייך ארבעט דער בירגער באָריס זיאַבקאָ? יאָ? זיכער? וואָ־אָס? אַ געוועז־זענער פארוואָרלאָזטער? יאָ, יאָ!..— און דאָס טעלעפאָן־טרייבל האָט זיך ארויסגעגליטשט:

— איר זיינט פריי!

בערל איז ארויס. מע האָט אים דאָ שפעט פארהאַלטן. אַ ווייסע ווינטער־נאַכט האָט זיך גאַנץ בעקוועם צעלייגט איבער דער שטאָט און זיך איבערגעדעקט דעם קאָפּ מיטן בלויען הימל און געאָטעמט דורכן שלאָף מיט א שאַרף בייסיק־ווינטל...

... אַף מאָרגן האָט בערל באַם איבערייס געטיינעט מיטן סעקרעטאַר פון קאָמיוגיש קעמערל,— פאָמין,— אַ מיטלוווקסיקער באָכער מיט אַן אָפּגעשוירענער קאָפּ און מיט א קליינער נאָז, וואָס דערמאָנט אין אַ געשריבענעם אָס "ט".

— פארשטייסט, בערל,— האָט פאמין געטיינעט,— אויב די פערזענלעך נעמסט אים אף דיינע אייגענע אַכראַיעס, איז איינס.— און אויב א גאַנץ קעמערל טוט עס,— איז שוין גאר אַן אנדער זאַך... דאָס דארף מען שוין, בֿרור־דערקע, גוט באַהאַנדלען, ווארום...

— יאָ, אָבער דאָס וואָלט דאָך געווען די סאַמע קאָנ־קרעטע ארבעט אונדזערע אין דעם געביט. אַ ניט טומלען מיר דאָך בלויז וועגן דעם...

— גוט.— האָט פאָמין אַ פיר געטאָן מיט זיין האַנט איבער זיין געשוירענעם קאָפּ.— איך קאָן שטעלן די

פראַגע אויף דער ביורא. און אויב ס'וועט נאָר דורכגיין, וועט זיין רעכט. שאַ!.. און טאָמער קען נאָך די אַדמי־ניסטראַציע זיך איינשפּאַרן?

— זאָל זי נאָר אַ פּרווו טאָן...

בערלס פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן. דאָס קע־מערל האָט טאַקע אים אַליין אויסגעטיילט, ער זאָל גיין אָפּנעמען יאָשקען פון טורמע.

אפן וועג האָט בערל עטלעכע מאָל דורכגעלייענט דעם אויסצוג פון פּראָטאָקאָל, דערנאָך דאָס פּאַפּירל פון פּאַב־קאָם און אויף זיין פּנים האָט זיך אויסגעגאָסן אַ העלע שיין פון אינערלעכער צופרידנקייט. ער איז געגאַנגען און געטראַכט:

— עך, יאָשקע קרוין! דו זיצסט מיסטאמע און קריצסט מיט די ציין! „אַ בלאטער יאַט און ניט געקאָנט ארויס־ראַטעווען״!..

יאָשקע איז געלעגן אין דער קאמערע אפן בויך און געכראפּעט. אַ הארבע, באַקאַנטע פריקרע שטים האָט אים אופגעוועקט:

— העי! קוציק! מע איז דיך געקומען באפרייען!..

יאָשקע האָט אויסגעגלאָצט זיינע פארשלאָפענע אויגן און דורכגעברומט:

— וואָס קומט ער מיר דרייען די...

— זעט נאָר, כלאָפּצעס! ער פערעבענדעוועט נאָך!..— האָט זיך דער אופזעער צעלאַכט אין בויך אריין. — העי, קוציק, שטיי אוף!

... דער וועכטער האָט פאַרהאַקט די שווערע טויערן פון טורמע־הויף און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אף „פאַרפאַלן" !..

— ע, ס'איז אַלץ פוסטע מייַסים!.. היינט האָט מען אים פון אונדזער טורמע אַרויסגעלאָזט און מאָרגן וועסטו אים שוין אין אַ צווייטער באַגעגענען, אַ פאַסקודנע פאָלק, די גאַנאָווימלעך!..

— נו, יאָשקע, זעסט, אז בערל נעמט זיך אונטער, איז געמאַכט? וואָס זשע רעכנסטו איצטער טאָן?

— כ'וויס... מירן זיך שוין אן אייצע געבן, — האָט יאָשקע פריילעך אונטערגעשפרונגען איבערן האַרטן שניי, מאכמעס דער מאנטל האָט זיך זייער שוואַך קעגנגעשטעלט דעם פראָסט, און דערום האָט ער זיך שוין מיטן אונטערשפרינגען אויך געוואַרעמט. — כ'וועל זיך באַלד עפעס ראזשיוועז און נעמען דעם וועג פונדאַנען...

— און וואָסטו טאָן, אז איכל דיך ניט אָפלאָזן? — האָט בערל ניט זיכער אַ פרעג געטאָן.

יאָשקע האָט זיך צעלאַכט:

— וואָס פאר אַ ווערדע האָסטו באַ מיר, איך זאָל אַ שטייגער באַלד וועלן אנטלויפן. — און יאָשקע קרוין האָט זיך טייקעף אַ ריס געטאָן פון אָרט און איז פאַרשוונדן געוואָרן אף יענער זייט טראָטואר...

בערל איז פארשטוינט געוואָרן. איצט, אין דער רעגע, האָט ער אויסגעזען ווי אַ געניטער פישער, וואָס האָט געכאַפט אַ גלענצנדיקן העכט, און דער העכט האָט זיך

פלוצים ארויסגעריסן און פארשוואונדן אין וואסער אריין...
און אויסער דעם: וואָס וועט איצט זאָגן אף אים דער פאבקאָם, און פאָמין?

ווי אן אָפּגעבריטער מיט זודיקער וואסער, האט ער זיך פונעם אָרט א ריס געטאָן און אריבערגעלאָפן אף יענער זייט טראָטואַר, פארלאָפן יענעם קרומען געסל, ווו יאָשקע איז פארשוואונדן. ער האָט זיך ארומגעדרייט איבער די קאסע ליקן, געלאָפן אַ פארסאפעטער און קוים באַמערקט:

יאָשקע איז געזעסן אף אַן איבערגעקערטן קאסטן און געקייט אַ פארפרוירענעם עפּל.

— פארבייסט, האַ? — האָט זיך בערל שטיל אונטער־געגאַנוועט און אַ געקינצלט שמייכעלע איז דורכגעשווו־מען אף זיין פּאָנעם.

יאָשקע האָט פעסט געהאַלטן דעם עפּל מיטביידע הענט און געקוקט פארדעכטיקט אף בערלען:

— ווי דען אנדערש? זעסט דאָך...

בערל האָט זיך צוגעזעצט:

— וואָס זשע האָסטו פאר מיר סדרעפּעט?.. איך האָב דאָך נאָר אַ שפּאַס געטאָן... איך בין דאָך ניט קיין מענט...

דער ווינט האָט געריסן די פּאָלעס פון יאָשקעס צע־ריסענעם מאַנטל און אים צעשויבערט די האָר אַפן קאָפּ.

— קום צו מיר אהיים. — האָט בערל פלוצים אַ זאָג געטאָן, — וועלן מיר מאכן אַ שנאַפּס...

יאָשקע האָט מיט אַ פאַרזשמורעט אויגל אַ קוק געטאָן פון אונטן אַרויף אף בערלען. ווי איינער זאָגט:

— ווי געפעלט דיר דער יאָלד?..

— נו קום, וואָס קוקסטו?

יאָשקע האָט זיך אַ הויב געטאָן פונעם קאַסטן:

— ווי איך זע, ביסט נאָך ערגער פאַר אַ קלעק... נו, קום, מיילע...

ווען ביילקע האָט דערזעען באַ זיך אין שטוב דעם נייעם גאַסט, האָט זיך אף איר פּאָנעם באַוויזן אַ מינע פון אומצופרידנקייט און עקל.

— ביילקעלע, — האָט איר בערל אַ שושקע געטאָן, — גרייט עפּעס צו קייען...

יאָשקע האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל. אנשטאָט אַ העמדל האָט ער געטראָגן אן אלטן גרויסן אָפּגענוצעוועטן זשילעט. בערל האָט ארויסגענומען פון קעשענע אַ בוטל בראָנפן, עטלעכע מאָל אים אַ טרייסל געטאָן און פון איין זעץ אין דער דלאָניע איז דער קאָרעק ארויסגעפלויגן.

— נו, טרינק!

יאָשקע דערקענט אים ניט, בערלען. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ער נאָך געווען דערזעלביקער, וואָס ע ר, און איצט...

— וואָס מאכן עפּעס אונדזערע יאַטן?

— וואָס זאָלן זיי מאַכן — האָט יאָשקע גלייכגילטיק אָפּגעענטפערט — האוּוריק זיצט... בענטשיק זיצט... נו, און קיריקן האָט מען שוין דאַפּקע יאָ אַרויסגעלאָזט, האָט

ער זיך אָפּן אַנדערן טאָג ווידער פֿאַרשאָטן און זיצט שוין ווייטער...

— און וואָס מאכט עפּעס צאַריצין? — האָט זיך בערל נאָכגעפרעגט, ווי איינער פרעגט זיך נאָך בײַ אַ לאַנדס־מאַן.

— זיצט אויך. מע זאָגט, אַז ער וועט דאַכט זיך שמעקן סאָלאָווקי...

יאָשקע האָט זיך אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזל בראָנפן, — האסט אַ ציגאַרער? צי דו רויכערסט שוין עפּשער ניט?

בערל האָט דעם „עפּשער" פֿאַרשטאַנען.

— כ׳רויכער שוין דאַפקע יאָ! — און אַ געדיכטער קנויל רויך האָט באַלד פֿאַרנעפּלט דאָס קליין, ענג צימערל.

— נו, — ס, יאָשקע, לייגן מיר זיך, הייסט עס, שלאָפן?

— ווער, איך? — האט זיך יאָשקע אַ לאָז געטאָן נאָך זיין מאַנטל.

— יאָ, יאָ, איך מיין טאַקע דיך. — האָט בערל שוין מער דרייסטער אים אָפּגעענטפערט, דערזעענדיק, אַז יאָשקע איז שוין געגנוג שיקער.

— ניין, איך וועל בײַ דיר ניט נעכטיקן.

— פע... אַ בלאטער יאַט און שעמט זיך...

בערל האָט אים קוים איינגערעדט. אויסגעשפרייט אים אף דער ערד אַ מאַטראַץ, אָפּגעגעבן אים זיין קישן און האָט אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג ניט צוגעמאַכט, אלץ

מוירע געהאַט, אַז דער פֿאַרשוין זאָל כאָלילע ניט אַנט־לויפֿן. בערל האָט איצט געשפּילט די ראָליע פֿון אַ גרויסן געניטן דרעסירער, וועלכער היט זייער זיינע כאַיעס, וואָס ער האָט געכאַפּט, און באַציט זיך צו זיי מיט גרויס ליבע. פֿאמין האָט אים נאָך צום ערשט פֿאָרויסגעזאָגט:

— זע, בערל, דו טוסט אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַר־בעט... נעמסט זיך אונטער דערציִען אַ פֿארוואָרלאָזטן... געדענק זשע! וואָרום דאָס גאַנצע קעמערל קען זיך מיט אים ניט פֿארנעמען...

— יאָ, אָבער וואָס וועט ער טאָן, אַז דער דערצוי־גענער וועט אין דער ערשטער נאַכט נאָך מאַכן די פּלייטע?..

דער הודאָק האָט בערלען פֿון שלאָף אופֿגעוועקט. ער האָט גיך אַ כאַפּ געטאָן אָף זיך די קליידער און זיך שוין געקליבן אַוועקגיין. האָט ער זיך אָבער דערמאָנט; און וואָס וועט ער טאָן מיט יאָשקען? אופֿוועקן אים אַזוי פֿרי און אים שוין שלעפּן אָף דער פֿאַבריק?...

ער האָט באַשלאָסן דורכשלעפּן אַ פּאָר שאָ, ער וועט קומען אַ זייגער צען, צוזאַמען מיט יאָשקען.

אַ פּראָסטיקער פּארפּרי האָט אין די שויבן געריסן. די זון האָט זיך פֿון יענער זייט שטאָט באַוויזן אַ גרויסע, אַ רונדע, און האָט געסלינעט מיט שטעכיקן בראַנד. בערל האָט זיך ווידער צוגעלייגט. איין געדאַנק האָט אים נאָר געעקבערט:

— פארשטייסט, בערל, אויב דו פערזענלעך געמסט אים אף דיינע אכרײַעס, איז איינס... און אויב אַ גאַנץ קעמערל טוט עס — איז שוין עפּעס אנדערש. און טאָמער וויל גאָר יאָשקע ביכלאַל ניט גיין אין פאבריק? וועסט דאָך אים מיט גוואַלד ניט שלעפּן?..

אַזייגער אַכט האָט בערל יאָשקען אַ דריי געטאָן פאַר דער נאָז:

— יאָשקע, האָדיע שלאָפן!

יאָשקעס צונויפגעקלעפּטע וויעס האָבן איצט בוילעט דערזען בערלס ענג צימערל און ער האָט עס איצט מאָדנע באַטראַכט, דאָס צימערל, און שיר ניט פארגעסן, ווו ער געפינט זיך...

— נא, יאָשקע, טו זיך איבער. — האָט אים בערל דערלאנגט אַ פּאָר הויזן מיט אַ העמדל. — וועלן מיר זיך דורכגיין צו מיר אין פאַבריק אריין.

וואָס שטאַמלט ער, בערל? אין וואָס פאר אַ פאַבריק? — יאָשקע האָט אים זייער מאָדנע באַקוקט:

— וואָס וועל איך טאָן באַ דיר אין פאַבריק?

— קום, וועסטו שוין זען.

און זיי זיינען ביידע אַוועק איבער די געדרייטע ליקן און געסלעך אין פאַבריק אריין. די קליינע, גלייכע שטיבלעך פון פאָרשטאָט האָבן שוין געפּיפּקעט מיט זייערע קוימענס. דער האַרטער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס. יאָשקע האָט געשטעלט ניט זיכערע טריט, זיך יעדער ווײַלע ארומגעקוקט, וווהין פירט עס אים

בערל? און אז מע איז שוין דערגאַנגען עטלעכע קוואַר־טאַלן פאַר דער פאַבריק, האָט יאָשקע אף צוריק אַ קע־רעווע געטאָן:

— אי, איכ׳ל ניט גיין...

די בלוטן פון אַלע איווורים האָבן בערלען אין מארך אַ זעץ געטאָן:

— נו, וואָס מאַכסט זיך נאַריש?

— גיי בעסער אַליין.

— האָסט עפשער מוירע, האַ?

— איך האָב מוירע? — האָט יאָשקע מיט אַ שמייכעלע איבערגעכאַזערט, — איך בין ניט פון יעניקע...

— איז וואָס זשע ווילסטו מיט מיר ניט גיין?

בערלס לעצטע פראַגע האָט יאָשקען אופגערייצט:

— נו, גוט, קום!

מע איז אריין אין פאבריק־הויף. די לאַנגע הויכע סירענע, וואָס שטייט אינמיטן הויף און פיפקעט מיט געדיכטע שטיקער רויך, האָט יאָשקעס אויג צוגעקאָ־וועט:

— זע!..

— אָט דאָס איז ער? — האָט פאמין אָפּגערופן בערלען אָן א זייט.

— יאָ... נאָר מע דארף מיט אים זיין זייער פאָר־זיכטיק...

— אַ בראַווער יאָטל דאכט זיך... — פאמין איז צו־געגאַנגען צו יאָשקען און אים אַ פרעג געטאָן:

— ווי רופֿט מען דיך, יאַט?
— וואָסי? וואָס גייט עס דען דיר אָן?
פֿאַמין האָט פֿאַרביסן אַ ליפּ:
— פֿאָשעט אַזוי...
בערל האָט יאָשקען אַריינגעפֿירט אין פּאַבקאָם. דער פּאָרזיצער פֿון פּאַבקאָם כאַוועד קלימענקאָ, — אַ ברייטער קאָפּ מיט אַ לאַנג, רונד, פֿאַרשפּיצט פּאָנעם ווי אַן איי און צוויי טיפֿע אויגן מיט אַ קאָליר פֿון געפּרעגלטן לע־בער, — האָט באַקוקט די אַריינגעקומענע און דערזעענדיק יאָשקען, האָט ער אַ שמייכל געטאָן דורך זיינע פּאָדער־שטע געלע ציין:
— זעצט זיך צו, וועלן מיר באַלד אַ שמועס טאָן.
יאָשקעס אויגן זיינען ווי פֿליגן אַרומגעפֿלויגן אַף די ווענט, אַף די צעהאַנגענע פּלאַקאַטן.
— איז קומסטו, הייסט עס, אָן צו אונדז אַף דער פֿאַבריק? — האָט כאַוועד קלימענקאָ אַ זאָג געטאָן צו יאָשקען און בעשאַס מייסע געקוקט אַף בערלען.
וואָס זאָל ער ענטפֿערן? און ווער האָט עס אים גע־זאָגט אַזוינס?.. בערל האָט אים פֿאָשעט פֿאַרשלעפּט, אַ קוק טאָן אַף זיין פֿאַבריק און מער גאָרנישט...
— איז ווערסטו, הייסט עס, אונדזערער אַן אַרבעטער?
יאָ? — האָט כאַוועד קלימענקאָ נאָכאַמאָל איבערגעפֿרעגט.
— וואָסי, יאָשקע! דער צונג האָט דיר אָפּגעדאַרט? — האָט זיך בערל אַריינגעמישט. — מע פֿרעגט דאָך באַ דיר.

— און אז איך וויל יאָ אָנקומען, איז וואָס?

... און ווען יאָשקע קרוין איז דאָס ערשטע מאָל געשטאַנען אינעם לאַנגן שפּינער־צעך פון דער טעקסטיל־פאַבריק, און האָט אויסגעגלאָצט זיינע פאַרוואונדערטע אויגן אפן סעלפאַקטער, וואָס האָט ראשיק ארומגעשפּאַצירט איבער די רעלסן הין און צוריק און געוויקלט לאַנגע שלופּקעס באַוול — האָט זיך אף בערלס פּאָנעם געגליטשט אַ דין שמייכעלע... בערל האָט די גאַנצע צייט געשפּירט נאָך יאָשקען און ווי אַ טאַטע, וואָס לערנט דאָס ערשטע מאָל זיין זון גיין אף דער ערד, האָט בערל געלערנט יאָשקען ווי אזוי מע דאַרף ריכטיקער כאַפּן פעדים אַף דער מאַשין...

זון האָט אַ צעגליטע אָנגעקלאַפּט אין די שויבן פון צעך און גנייוויש אַריינגעקוקט אף יאָשקע קרוין...

אַווגוסט 1928 — סעפּטעמבער 1929.

כאַרקאָוו.

# אינהאַלט:

# צענטרפאַרלאג — כאַרקאָוו

## עס זיינען אַרויס פון דרוק:

פּ. פּאנטש — בלויע עשעלאָנען (דערציילונגען)

פּ. הירשביין — גארבן פון שטילשווייגן (אינדיע)

סליסארענקאָ — דער שווארצער מאלעך (ראָמאן)

ע. גאָרדאָן — ווילדגראז (דערציילונג)

גאָדינער־ראבינאָוויטש — אַף באַריקאַדן (זאמלבוך פאַר יוגנט)

צענטרפאַרלאַג, כאַרקאָוו,
טעוועליעוו־פלאץ, 18

# צענטרפארלאג — כאַרקאָוו

## עס געפינען זיך אין פארקויף:

פיליפטשענקאָ — ביאלאגיע

נאגאָרני — אנאַטאָמיע

סאָקאָלאָווסקי — באטאניק

יאקאָוולעוו א. אנד. — זאָאָלאָגיע

## עס דרוקט זיך:

י. יאכינסאָן — עקאָנאָמישער שטייגער פון יידן אין XIX י. ה. II טייל

לעבעדינצעוו — אלגעברישער אופגאבער

מעלאמעד — אנטירעליגיעזע ארבעט אין שול

כאַרקאָוו, צענטרפארלאג,
טעוועליעוו־פלאץ, 18